GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Vol. XX. No. 5. | Jersey City, N. J., May, 1938 | Price: 10 Cents

## דער ערשטער מאַי

(זכרונות פון אַמאָל)

פון ד. קריוויצקי

אין שלאָס־גאַס איז רואיק, די מויערן שלאָפן,
דער ווייסער אומשאַפּאַק נאָר שטייט אויסגעוואַכט,
ווי ער וואָלט געפילט, אַז ס'איז עפּעס פאַרלאָפן
אַמ־דאָ אין די טונקעלע שעה'ן פון נאַכט.

אויך מיך נעמט קיין שלאָף ניט, איך קוק אויפ'ן זייגער,
שוין פינף; און עס נעמט מיר אַן אומרו אַרום,
נאָר אָט קומט פון יאַטקע־גאַס מאָטקע דער בויגער,
איך פרעג אים אַן ווערטער, ער ענטפערט מיר שטום...

און דאָרטן גייט גרוניע, דער בעקערקעס מיידל,
מיט קאַשיקעס בייגל איז פול אירע הענט,
אַ מיידל אַ בלייכע, אַ שטילע און איידל,
וואָס וואָלט מיט איר פייער צען וועלטן פאַרברענט.

און אָט קומט אַן לייבקע דער בערשטער, פאַרשלאָפן,
ער זעט דאַכט זיך קיינעם, נאָר זאָגט מיר: וואָס־שפּיל,
ער נעמט זיך צו דרום, און איך גיי צו צפון,
מיר גייען באַזונדער צום זעלביקן ציל.

דער אַלטער מאַרק וועקט זיך, שוין אָפן אַ קרעמל,
דער האַנדל און וואַנדל הויבט אַן אויפצוגיין,
שוין טומלט אויף יעדווידן ראָג אַ געזעמל,
עס פירט אַן איזוואָזטשיק — דערוויל זיך אַליין.

איך גנב'ע די טריט פאַרביי פענסטער און טירן,
און אָט בין איך שוין ביי דעם גרויסן בולוואַר,
דאָרט וואַרט שוין אַ חבר וואָס דאַרף עס מיך פירן
צו קעמפן אויף לעבן און טויט מיט'ן צאַר!

דער גרויער פרימאָרגן ווערט ברייטער און העלער,
עס אײַלט מיך מיין חבר, און טרייסט מיר: אָט באַלד;
עס איז שוין ניט ווייט, נאָר אַ ביסעלע שנעלער,
אָט איז קאָמאַרוויקע, און אָן איז דער וואַלד!

מיר לויפן אַריבער אַ פעלד און אַ גאָרטן,
מיר שפּרינגען אַריבער אַ טייכל, אַ צאַם,
מיר קומען צום וואַלד און געפינען שוין דאָרטן
דעם „בונד" אָנגעצונדן פון הייליקן פלאַם!

מיר זיינען געקומען; צוויי אידישע קינדער,
באַגייסטערט, פאַרמאַטערט, צום יום־טוב אין וואַלד,
צו העלפן באַפרייען דעם שקלאַף פון זיין שינדער,
באַפרייען די וועלט פון דעם בייז, פון דעם גוואַלד.

צוויי אינגלאַך. אַ קלויזניק וואָס האַלט זיך אין פלאַגן,
אין קליינעם בית־המדרש, און הונגערט, און פרירט,
דער צווייטער גייט אום מיט חלומות צו טראָגן
אַ מאַנטל מיט זילבערנע קנעפּלאַך באַצירט.

מיר זיינען געקומען. דער וואַלד איז געלעגן
אין יום־טוב פון פרילינג און פרייהייט געקליידט,
די ביימער מיט פאָנען, מיט בלומען די וועגן,
און הערצער מיט מוט צו דעם קאַמף צוגעגרייט.

עס האָבן די פייגעלאַך פריילאַך געזונגען
די לידער פון פרייהייט, די לידער פון מאַי,
די ביימער און בלומען, דער וואַלד האָט געקלונגען
מיט לידער פון קאַמף געגן דער טיראַניי!

אַ פריידיקער ציטער האָט מיך איינגעקלאַמערט,
ווי ס'פילט נאָר אַ פרומער יום־כיפור ביינאַכט.
און אינגלשן מוח האָט עפּעס געהאַמערט,
עס האָט מיין נשמה געוויינט און געלאַכט.

איך קוק אויף מיין חבר, ער שטייט ווי דערשראָקן,
די אויגן נאָר ברענען אים פיבעריש רויט,
און ס'פלאַמען די רעדנער מיט שטימען ווי גלאָקן:
„אַ, אַרבעטער שקלאַפן, צערייסט אייער קייט!

אַ סוף צו די הערשער, די הענקער און האַרן!"
און ס'נעמען זיך ביילן און טריפן די הענט,
איך וואָלט איצט דעם קיסר מיט זיינע ושאַנדאַרן
מיט אַלע טיראַנען פאַרניכטן געקענט!

איך פיל ווי עס מישן אין האַרץ זיך צונויפן
געפילן פון ליבע, געפילן פון האַס,
צו די וועלכע טראָגן פון פרייהייט די פלאַמען,
צו די וועלכע דריקן דעם אַרבעטער קלאַס!

---

אין וואַלד הויבט אָן טונקלען דער טאָג איז פאַרגאַנגען,
איך קוק זיך אַרום ווי פון שלאָף אויפגעוואַכט,
פון ערגעץ דערטראָגן זיך שטילע געזאַנגען,
באַגלייט פון די פייגל, באַגלייט פון דער נאַכט.

עס קלינגען די לידער פאַרבייגקטע און שטילע,
פון קאַמף און מאַרטירער, און בלוטיקן שטרייט,
און ס'דוכט זיך אַז דער וואַלד ליגט פאַרוויגט אין אַ תפילה,
און ס'טראָגט מיר אַ כישוף אַוועק ערגעץ ווייט.

מיר גייען אַהיים אויף פאַרשידענע וועגן,
באַגלייט פון די סודות פון טונקעלן וואַלד,
און ס'קומען אונז קליינינקע שטערן אַנטקעגן,
באַגריסן אונז פריידיק און ליכטיק: אָט באַלד!

מיר גייען אַהיים, און איך פיל אַז געבליבן
איז דאָרטן מיין האַרץ, אין דעם וואַלד, אין געזאַנג,
וואו ס'האָט מיר דער „בונד" אויסגעלערנט צו ליבן
דעם קאַמף געגן הערשער, דעם קאַמף געגן צוואַנג!

# יוניאן באקעמפט באסעס וואס זוכען זיך אויסצודרייען פון ארבייטסלאזען טעקס

די אינטערנעשאנעל האט אנגענומען ענערגישע מיטלען צו באקעמפען די שווינדלערישע מיטלען פון מאנכע בעלי בתים אויסצודרייען זיך פון צאלען דעם סטעיט אנעמפלאימענט טעקס און דורך דעם באשיצען די רעכטען פון אונזערע מיטגלידער צו זייערע בענעפיטס צו וועלכע זיי זיינען בארעכטיגט לויט'ן געזעץ.

די לעצטע צייט האט זיך ארויסגעוויזען, אז אלס רעזולטאט פון די שווינדלערייען פון מאנכע באסעס און דער מאנגעל אין פינאנסען פאר דער אדמיניסטראטיווער מאשינערי פון דעם געזעץ האבען א גרויסע צאל פרויען־קליידער ארבייטער אויסגעפונען, אז זייער חשבון פון די שכירות וואס זיי האבען פארדינט, לויט וועלכען עס ווערט באשטימט די סומע פון ארבייטסלאזען בענעפיט צו וועלכען זיי זיינען בארעכטיגט, איז ניט ריכטיג אין די רעקארדס אין אלבאני. אלס רעזולטאט קריגען זיי ניט זייער בענעפיט ריכטיג אויסגעצאלט און ניט אין צייט.

כדי צו העלפען אין אזוינע פאלען, העלפט די יוניאן די ארבייטער ביים אויספילען זייערע אפליקיישאנס אויף די געהעריגע בלענקס. הונדערטע ארבייטער האבען שוין אויסגעפונען אז דורך דער הילף פון דער יוניאן, און פון זייערע לאקאלס האבען זיי זיך איינגעשפארט שטונדען צייט, וועלכע זיי וואלטען געדארפט שטיין אין ליין אין דעם סטעיט עמפלאיימענט אפיס.

אין פילע פאלען ווערען קלעימס ניט אויסגעצאלט ביז פארמעלע פארהערען ווערען אפגעהאלטען צו באשטימען די ריכטיגע פאקטען. אזוינע פארהערען וועלען זיך פאדערען אין פילע פאלען, ווי למשל ווען די רעקארדס אין אלבאני זיינען ניט איבערגעקוקט געווארען צו באשטעטיגען די טענות פון ארבייטער; פאלשע באהויפטונגען אז דער ארבייטער איז אוועקגעשיקט געווארען פון דער ארבייט פאר שלעכטער אויפפירונג און קלאגען אז דער באטרעפענדער ארבייטער האט פארפעלט צו מעלדען זיך אדער אננעמען א דזשאב וועלכען דער סטעיט עמפלאיימענט אפיס האט אים געוואלט געבען.

באגרייפענדיג די וויכטיגע ראלע וואס פרעצעדענטען וועלען שפילען אין דער אויסטייטשונג פון די געזעצען, איז די יוניאן צוגעגרייט צו קעמפען דורך די געריכטען ווען נויטיג פאר גינסטיגע ענטשיידונגען אין די אינטערעסען פון די ארבייטער.

**אייער לאקאל וועט אייך העלפען אין די ארבייטלאזע פארזיכערונג פראבלעמען.**

## אויב

מען זאגט אייך אז איר זייט ניט בארעכטיגט צו בענעפיט...

ווען מען האט אייך ניט געגעבען קרעדיט פאר די פולע שכירות וואס איר האט פארדינט דורך דער צייט...

ווען אייער בענעפיט איז ניט ריכטיג אויסגערעכענט געווארן...

ווען איר ווערט פאלש באשולדיגט, אז איר זייט אוועקגעשיקט געווארען פון דער ארבייט פאר שלעכטער אויפפירונג...

ווען עס ווערט ניט ריכטיג באהויפטעט אז איר האט פארלארען דעם דזשאב צוליב א סטרייק...

ווען איר דענקט אז אייער באס צאלט ניט דעם ארבייטסלאזען טעקס פאר אייך...

ווען איר נויטיגט זיך אין הילף אדער אינפארמאציע וועגן ארבייטסלאזען פארזיכערונג —

## גייט צו אייער לאקאל יוניאן און ברענגט מיט זיך

אלע פאפירען פון דער ארבייטסלאזער פארזיכערונג אפטיילונג און אלע רעקארדס וואס איר האט וועגען אייערע פארדינסטען און די בעלי בתים פאר וועלכע איר האט געארבייט.

## זאכען צום געדענקען

גיט אריין אן אפליקיישאן יעדעס מאל ווען איר הערט אויף צו ארבייטען.

גיט אריין אן אפליקיישאן ווען איר גייט ארונטער אין סטרייק.

שיקט אריין א קארטעל צום סטעיט עמפלאימענט אפיס ווען איר שטעלט זיך ארבייטען.

מעלדעט זיך אין סטעיט עמפלאימענט אפיס ווען מען רופט אייך.

האלט א רעקארד פון אייערע פארדינסטען.

ווען מען האט צוריקגעוויזען אייער אפליקיישאן אויפ'ן גרונט אז איר האט ניט פארדינט דורך די ערשטע 9 מאנאטען פון יאר די נויטיגע סומע, וואס זאל אייך בארעכטיגען צו בענעפיט, זייט איר איצט בארעכטיגט צו בענעפיט, אויב איר האט דורך די לעצטע 3 מאנאטען פון יאר געארבייט און פארדינט די איבעריגע סומע וואס עס האט אייך פריהער געפעלט.

אין דעם פאל גיט אריין א צווייטע אפליקיישאן, און גיט אן די סומע שכירות וואס איר האט פארדינט דורכ'ן יאר.

# טרייד יוניאן רעליף פאר שפאניע סעיבעלט $5000 פאר די קרבנות אין בארצעלאנא

ערהאלטענדיג די נייעס וועגען דעם שרעקליכען חורבן, וואס די פאשיסטישע לופט באמבעס האבען פאראורזאכט אין בארצעלאנא און אנדערע שטעט אין דער שפאנישער רעפובליק, וואו טויזענדער ציווילע מענשען, מענער, פרויען און קינדער, זיינען געטויטעט און פארוואונדעט געווארען און וועלכעס האט נאך פיל פארגרעסערט די נויט און דעם ליידען פון די היימלאזע, האט די טרייד יוניאן קאמיטע פאר הילף צו שפאניע, פון וועלכע פרעזידענט דובינסקי פון דער אינטערנעשאנאל איז טרעזשורער און טשארלס זימערמאן פון דער דרעסמאכער יוניאן איז טשערמאן, גלייך ארויסגעשיגט דורך קייבל פינף טויזענד דאלאר פאר די קרבנות. די געלד איז געשיקט געווארען צו וואלטער שעווענעלס אין פאריז און די נויטיגע שפייז און מעדיצינישע מיטלען פאר די קרבנות וועט זיי דערגרייכען אין 48 שטונדען צייט.

די „טרייד יוניאן רעליעף פאר ספעין" האט זיך אויך געווענדעט מיט אן אפיעל צו אלע יוניאנס און פריינט פון דער ארבייטער באוועגונג גלייך צו שאפען 50,000 דאלאר אום עס זאל אין דער קירצעסטער צייט קענען אפגעשיקט ווערען צו די קרבנות פון די פאשיסטישע מערדערייען אין שפאניען אום זיי צו באזארגען מיט דאס נויטיגסטע.

ווי שרעקליך עס זיינען די לעצטע מערדערייען פון די פאשיסטישע לופט־אטאקעס און ווי דרינגענד נויטיג עס איז די באלדיגע הילף פאר די קרבנות, קען מען זעהן פון דעם פאלגענדען קייבעל פון אלווארעז דעל וועיא, געוועזענער אויסערן מיניסטער פון דער שפאנישער רעפובליק און פירער פון די אלגעמיינע טרייד־יוניאנס (או. כע. טע.) וואס די שפאנישע פרעס־ביורא האט צוגעשיקט צו פרעזידענט דובינסקי:

די טעלעגראמע איז ווי פאלגט:

:מען האט אונז געבעטען איך איבערשיקען די פאלגענדע קייבעל וואס מיר האבען נעכטען ערהאלטען פון בארצעלאנא פון אלווארעז דעל וועיא, געוועזענער מיניסטער פון אויסערן און פירער פון דער או. כע. טע. ער שרייבט:

„איך בין זיכער, אז די גאנצע פאראייניגטע שטאטען וועט אויפגעטרייסעלט ווערען פון דעם שוידער לייענענדיג די נייעס פון דער לעצטער באמבארדירונג פון בארצעלאנא. איך פארזיכער אייך אבער, נאכדעם ווי איך האב באזוכט די גאנצע שטאט אין וועלכער צוויי טויזענד מענשען זיינען ערמארדעט געווארען און נאך א מאל אזוי פיל זיינען פארוואונדעט געווארען, אז די שרעקליכסטע נביאות וועגען דעם קומענדען לופט־קריג זיינען דא פארוואנדעלט געווארען אין דער שרעקליכסטער ווירקליכקייט. דאס שפאנישע פאלק ווענדעט זיך צו די פאראייניגטע שטאטען און בעט אייך אויפצוהויבען אייער שטימע געגען דער אויסראטונג פון דער ציווילער באפעלקערונג פון בארצעלאנא און געגען א פאליסי וועלכע שטערט דער שפאנישע רעגירונג פון קויפען די נויטיגע מיטלען צו באשיצען זיך געגען דער ערמארדונג פון איבער טויזענד פרויען און קינדער אין איין איינציגען טאג.

(אונטערגעשריבען)

אלווארעז דעל וועיא".

אין א צייט ווי די, מוזען אלע פערזענליכע מיינונגס פארשידענהייטען אוועקגעלייגט ווערען אן א זייט. מיר פאדערען דעריבער אויף יעדע יוניאן אן אונטערשיד וואו זי באלאנגט, יעדען ארבייטער, יעדען ערליכען מענשען, וועמעס הארץ עס בלוטעט אין אנגעזיכט פון די ליידען פון די אומשולדיגע קרבנות, צו העלפען מיט אלע מעגליכקייטען, צו העלפען גלייך, באלד, שוין, שאפען די נויטיגע הילפס מיטלען. שנעלע הילף איז טאפעלטע הילף.

די „טרייד יוניאן רעליעף פאר ספעין", וועלכע איז די זעלביגע, וואס איז פריהער געגאנגען אונטערן נאמען „ארבייטער רויטער קרייץ פאר שפאניע", האט דורך דער צייט פון עטוואס איבער א יאר זינט עס עקזיסטירט, געשאפען פאר שפאניע הונדערט און פינף און פערציג טויזענד דאלאר. די גאנצע געלט מיט דער אויסנאמע פון אומגעפער איין פראצענט פאר אויסגאבען, איז איבערגעשיקט געווארען און האט דערגרייכט די שפאנישע קרבנות אין שפייז און מעדיצינישע הילף.

ביישטייערונגען דארפען געשיקט ווערען צו פרעזידענט דובינסקי, 3 וועסט 16טע סטריט.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XX. No. 4. April, 1938

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

ביז עס וועט דערגרייכען פערציג סענט א שטונדע, און יעדעס יאר זאל ארפגענומען ווערען 2 שטונדען פון דער מאקסימום ארבייטס־וואך ביז עס וועט ווערען 40 שטונדען. עס הייסט, אז עס וועט דויערן דריי יאר ביז מען וועט קומען צו 40 סענט א שטונדע אלס א מינימום ארבייטס־לוין און צוויי יאר ביז מען וועט האבען 40 שטונדען אלס א מאקסימום ארבייטס־וואך. דאס קוקט אויס ניט אזוי גוט, אבער ווי זאגט מען — בעסער ווי גאר ניט. זאל כאטש געמאכט ווערען אן אנפאנג מיט א געזעץ וועגען א מינימום ארבייטס־לוין און א מאקסימום ארבייטס־וואך און עס ניט איבערלאזען אויך אויף ווייטער פולשטענדיג אויף הפקר.

אין דער ווירקליכקייט דערווארט מען אין קאנגרעס אויך אט געגען דעם ארומגעשארענעם געזעץ־פראיעקט א שטארקען קאמף.

פאר די שקלאפען טרייבער פון דער סאוטה איז אפילו אן ארבייטס־לוין פון 25 סענט א שטונדע צו פיל און בפרט נאך ווען יעדעס יאר דארף דער ארבייטס־לוין שטייגען ביז ער וועט דערגרייכען 40 סענט א שטונדע. אבער פרעזידענט רוזוועלט וועט דאס מאל מוזען נעמען א שטארקערע שטעלונג, אז דער געזעץ־פראיעקט זאל אנגענומען ווערען. ווייס דאך רוזוועלט, אז פארלויפיג איז אין זיין צווייטען טערמין אויף דעם געביט פון ארבייטער געזעצגעבונג גארנישט געטאן געווארען פון קאנגרעס און אין דער צייט פון זיין וואהל־קאמף האט ער גראד פארשפראכען א סך.

און אין דעם קאמף פאר דעם איצטיגען פארגע־שלאגענעם געזעץ וועגען א מינימום ארבייטס־לוין און א מאקסימום ארבייטס־וואך וועט רוזוועלט אויך האבען די שטיצע פון מערערע רעפובליקאנער אין קאנגרעס. דאס איז ניט ווייל זיי האבען אזוי ליב די ארבייטער און ווילען זיי כאטש אויף וויפיל עס איז באשיצען פון רויבערישער עקספלואטאציע, נאר דאס איז דערפאר, וואס אין די געגענדען פון וואנען די רעפובליקאנער קאנגרעסלייט קומען, זיינען די באלעבאטים געצוואונגען צו געבען זייערע ארבייטער א העכערען ארבייטס־לוין און א קירצערע ארבייטס־וואך, ווייל די ארבייטער זיינען דארטען בעסער ארגאניזירט און זייערע יוניאנס האבען פאר זיי אויסגעקעמפט בעסערע ארבייטס־באדינגונגען. די שקלאפען־טרייבער פון דער סאוטה, וואס צאלען זייערע ארבייטער אזא נידעריגען ארבייטס־לוין און צווינגען זיי צו ארבייטען אונגעהויער לאנגע שטונדען, זיינען דעריבער גאנץ געפערליכע קאנקורענטען פאר די באלעבאטים פון די אנדערע טיילען פון אמעריקא און א מילדער געזעץ פון א מינימום ארבייטס־שכירות און א מאקסימום ארבייטס־וואך איז אין דעם פאל גיכער אין זייערע אינטערעסען. ער וועט זיי שיצען פון דער קאנקורענציע פון דער ביליגער ארבייט אין דער סאוטה.

***

## די יוניאן העלפט אויפמאנען ארבייטסלאזען פארזיכערונג

ארבייטסלאזען פארזיכערונג איז ניט קיין מתנה, נאר א חוב, וואס די רעגירונג דארף צאלען צו די ארבייטער ווען זיי ווערען ארבייטסלאז. אבער ניט צו אלע ארבייטסלאזע איז די רעגירונג שולדיג דעם חוב. זי דארף צאלען בלויז צו אזעלכע, וואס האבען א געוויסע צייט געארבייט און פאר וועלכע עס איז פאר דער צייט געצאלט געווארען אין דעם ארבייטסלאזען פארזיכערונגס־פאנד פון דער רעגירונג. צוליב דעם קומען אפט ארויס געוויסע שוועריגקייטען ביים אויפמאנען די ארבייטסלאזען־פארזיכערונג. די אינטערנעשאנאל האט דעריבער גענומען אויף זיך צו העלפען אירע מיטגלידער אויפצומאנען די ארבייטסלאזען פארזיכערונג, ווען דאס קומט זיי און זיי האבען שוועריגקייטען עס צו קריגען.

די דאזיגע הילפס־ארבייט ווערט געטאן דורך דעם ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל און ווי עס האט זיך ארויסגעשטעלט איז די ארבייט א גאנץ נויטיגע. דאס באווייזט דער פאקט, וואס א גאנץ באדייטענדע צאל מיטגלידער פון דער יוניאן האבען זיך צו אים געווענדעט און א גרויסער טייל פון זיי האבען מיט זיין הילף אויפגעמאנט. דאס וואס זיי איז געקומען. ער האט פאר זיי נאכגעזוכט די נויטיגע רעקארדס און פאקטען און זיי צוגעשטעלט צו דער ארבייטסלאזען פאר־זיכערונג אפטיילונג פון סטייט דעפארטמענט אוו לייבאר.

און זוכענדיג פאקטען און רעקארדס צו העלפען די מיטגלידער פון דער יוניאן צו קריגען זייער ארבייטסלאזען פארזיכערונג, וואס קומט זיי, האט דער ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל זיך אנגעשטויסן אויף א גאנץ נייעם מיאוס'ען שווינדעל פון מאנכע באלעבאטים. עס האבען זיך נעמליך געפונען אזעלכע, וואס האבען איינפאך ניט איינגעצאלט, וואס עס קומט פון זיי פאר זייערע ארבייטער אין דעם ארבייטסלאזען פארזיכערונגס־פאנד. איין פירמע פון ניט־גודס, וואס איז געכאפט געווארען ביי דעם שווינדעל, האט שוין געקראגען איר שטראף. דאס וועט זיכער זיין א גוטע ווארנונג פאר אנדערע, אבער היטען דארף מען און גאנץ שטארק. און עס איז טאקע נויטיג, אז די ארבייטער אליין זאלען זיך אינטערעסירען צו וויסען, אז די באלעבאטים דארפען צאלען פאר זיי צו דעם ארבייטסלאזען פארזיכערונגס פאנד פון דער רעגירונג.

***

## די באלעבאטים האבען „פראספעריטי"

האט ווער פון אייך געהערט, אז די פראספעריטי האט שוין אנגע־פאנגען צוריקצוקומען? די גרוי־סע באלעבאטים זאגען, אז יא. זיי האבען עס אנגעפאנגען זאגען גלייך ווי זיי האבען זיך דערוואוסט, אז פרעזידענט רוזוועלט האט באשלאסען צו פארלאנגען פון קאנגרעס א נייע גרויסע סומע געלד פאר רעליף צוועקען. עס איז ניט נויטיג פאר דער רעגירונג אויסצוגעבען ווידער אמאל ביליאנען דאלארס, זאגען זיי, ווען די פראספעריטי האט שוין אנגעפאנגען צוריק צו קומען.

נו, ביי די גרויסע באלעבאטים האט די פראספע־ריטי קיין מאל ניט אויפגעהערט, נאר ווי האלט עס מיט די ארבייטער? אז עס זיינען פאראן איצט 12 מיליאן ארבייטסלאזע גיבען אלע צו, נאר עס זיינען פאראן מיינונגען, אז די צאל איז א סך גרעסער. דאס ווייזט זיכער ניט אויף א צוריקקומען פון פראספעריטי. און געוויס ווילען ניט זאגען די קלאוקמאכער און די דרעס־מאכער, וואס האבען געהאט אזא צרה'דיגען ספרינג־סעזאן אלס א פארבייסען נאך א צרה'דיגען ווינטער־סעזאן, אז די פראספעריטי האט זיך צוריק אנגעפאנגען באווייזען אין אמעריקא.

עס איז ניט קיין טרייסט פאר די קלאוקמאכער און דרעסמאכער, אז עס איז שלעכט אויך אין אלע אנדערע טיילען פון דער נאדעל־אינדוסטריע און אז אין מאנכע אנדערע אינדוסטריען איז עס נאך ערגער. עס באווייזט בלויז, אז עס איז פאלש די באהויפטונג פון די קאפי־טאליסטען, אז די צייט האלט אין ווערען בעסער און אז די רעגירונג דארף דעריבער ניט פארגרעסערען אירע אויסגאבען אויף רעליף ארבייט. דעם געפילדער וואס ארגאניזירטער קאפיטאל האט אויפגעהויבען וועגען דער אנקומענדער בעסערער צייט איז בלויז פאר דעם צוועק, אז עס זאל פארשטארקט ווערען דער קאמף געגען פרע־זידענט רוזוועלט'ס פראגראם וועגן נייער רעליף אר־בייט פאר וועלכער ער פארלאנגט פון קאנגרעס א באוויליגונג פון נייע אויסגאבען.

## פאבלען :־: :־: פון נחום יוד

## באלעבאסטעס

●

פארהאוועט און צעטראגען,
געטראפען האבען זיך צוויי פרויען, גוטע פריינד,
אין מארק ביים פולען וואגען:
— „איר זעט מיר אויס ווי ניט איינגאנצען היינט!" —
האט איינע
זיך צוגעשטעלט א רעד טאן מיט איר שכנה,
(און צווישען אונז גערעדט,
געוועזען זיינען ביידע ווי די גענזלאך פעט...)
„איר ווייסט דען ניט וואס הייסט א דינסט אין הויז צו האבן! —
געענטפערט האט די צווייטע איר דערשלאגן, —
גראד נעכטען האט זיך דאס מיין מויד, פון העלער הוים,
פארגלוסט צו וואשען גרעט און באקען ברויט;
פארשטייט איר דאך וואס פאר א טאראראם געוועזען
איז פון באגינען ביז'ן שפעט אין הויז!
איך בין אפילו גאר שפאצירען ניט ארויס,
א גאנצען טאג געזעסען
און נאכגעקוקט איר ווי זי טוט...
דאס גראד — זי האט ביי מיר א רגע ניט גערוט
און ניט פארשווענדט קיין צייט אויף שפיגלען זיך און נאשען.
ביי איר האט, ווי מען זאגט דאס, טאקע אין די הענט
געברענט!
די גרעט האט זי ווי זילבער קלאר צעוואשען
און אפגעבאקט דעם ברויט אזוי ווי אויף דער זון, —
און איך, איז ווי איר זעט, בין היינט שוין קראנק דערפון,
און וואלט באדארפט אין בעט גאר ליגען...
די דינסטען, הערט איר, טרייבען מיך אריין אין גרוב!"
די אנדער פרוי וואס האט די גאנצע צייט געשוויגען
האט צוגעגעבען מיט דעם זעלבען ניגון:
„— א קלייניקייט דען — אויסהאלטען אויף זיך א שטוב!"...

---

ווי אפט מיר טרעפען מענשען פון דעם זעלבען שניט:
זיי טוען ניט אליין א בויג דעם רוקען,
און ווערען מיד
פון קוקען...

# גערעכטיגקייט

**GERECHTIGKEIT**
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XX. No. 5. May, 1938

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.


## די אינטערנעשאנאל און די סי. אי. א.

דער באשלוס פון דער סי. אי. א. קאנפערענץ אין וואשינגטאן צו רופען סוף זומער א קאנווענשאן מיט דעם צוועק צו שאפען א פערמאנענטע, זעלבסטשטענדיגע צענטראלע טרייד יוניאן־ארגאניזאציע, קען ניט באגריסט ווערען פון די אלע, וואס האבען געהאפט אויף פרידען און אייניגקייט אין דער אמעריקאנער ארבעטער באוועגונג.

עס איז אמת, אז אין די לעצטע אייניגע חדשים זיינען די אויסזיכטען אויף א פרידען צווישען סי. אי. א. און א. פ. אוו ל. ניט געווען קיין איבעריגס שטארקע, אבער מען האט די האפנונגען ניט אויפגעגעבען. עס זיינען געווען מיינונגען, אז עס קען גאנץ פלוצים געשאפען ווערען א סיטואציע, וואס זאל מאכען א פרידען מעגליך. מען האט ארגומענטירט, אז פונקט ווי עס האט געקענט טרעפען, אז ווען א פרידען האט אויסגעזעהן צו זיין גאנץ נאהנט און ער איז פלוצים געווארען וויט, קען עס אויך טרעפען, אז ווען דער פרידען זעהט אויס צו זיין וויט, זאל ער פלוצים ווערען נאהנט. עס הייסט, אז מען האט די גאנצע צייט געהאפט אויף א פרידען און ווען עס ווילט זיך האפען געפינט מען שטענדיג גוטע סימנים און אורזאכען, אז די האפנונגען וועלען פארווירקליכט ווערען. אבער מיט דעם באשלוס פון דער סי. אי. א. אפצוהאלטען א קאנווענשאן, זיינען די האפנונגען אויף א פרידען פיל דערווייטערט געווארען. און דאס איז שטארק צו באדויערען.

פאר אונזער אינטערנעשאנאל איז עס אבער ניט בלויז א פראגע פון דערווייטערטע האפנונגען פאר א פרידען, פאר וועלכען פרעזידענט דובינסקי האט אזוי ענערגיש געארבייט, נאר עס איז א פראגע וועגען איר אייגענער ליניע, וואס זי דארף ציהען אין דער נייער געשאפענער סיטואציע.

די אינטערנעשאנאל איז געווען איינע פון די דריי גרויסע יוניאנס, וואס האבען געהאלפען שאפען די סי. אי. א. און די אינטערנעשאנאל האט אויך בייגעטראגען גרויסע סומען געלט צו העלפען דער סי. אי. א. ארגאניזירען די ארבייטער אין די מאסען אינדוסטריעס, וואס דאס איז אייגענטליך געווען די הויפט־אויפגאבע פון דער סי. אי. א. די אינטערנעשאנאל האט א גאנץ גרויסען חלק אין דעם, וואס עס זיינען ארגאניזירט געווארען די אויטאמאביל ארבייטער און די שטאל ארבייטער. אבער די אינטערנעשאנאל איז ניט אריין אין דער סי. אי. א. מיט דעם צוועק צו שאפען א דואל ארגאניזאציע אין דער אמעריקאנער טרייד יוניאן באוועגונג. די אינטערנעשאנאל האט געוואלט העלפען צו ארגאניזירען די מיליאנען אונארגאניזירטע ארבייטער, וואס די אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר האט פארנאכלעסיגט צו ארגאניזירען, אדער ניט געקענט ארגאניזירען צוליב איהר פאך טרייד יוניאניזם, וואס איז אינגאנצען ניט צוגעפאסט צו די אינדוסטריעס פון מאסען־פראדוקציע און וועלכע קענען אמבעסטען ארגאניזירט ווערען בלויז אויף דעם באדען פון אינדוסטריעלען יוניאניזם.

די פירערשאפט פון אונזער אינטערנעשאנאל איז געווען איבערצייגט, אז אין דער אמעריקאנער טרייד יוניאן באוועגונג איז פאראן פלאץ פאר ביידע פארמען פון ארגאניזאציע — פאך יוניאנס און אינדוסטריעלע יוניאנס — און אז די אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר, וואס האט זיך געגרינדעט אמאל, מיט איבער א האלבען יארהונדערט צוריק אויף דעם באדען פון פאך־יוניאניזם, מוז איצט, אין די אינדוסטריעס פון מאסען פראדוקציע, וועלכע זיינען אזוי ריזיג אויסגעוואקסען, מאכען פלאץ פאר אינדוסטריעלע יוניאנס. און אויב די פירערשאפט פון דער א. פ. אוו ל. וויל עס ניט, טאר עס ניט דערלאזען ווערען, אז די מיליאנען ארבייטער אין די מאסען־פראדוקציע אינדוסטריעס זאלען בלייבען ניט ארגאניזירט.

די אויפגאבע פון דער סי. אי. א. איז, אלזא, געווען א קלארע: ארגאניזירען די ניט ארגאניזירטע און אזוי ווי די בעסטע און פאסיגסטע פארם זיי צו ארגאניזירען איז דער אינדוסטריעלער יוניאניזם, זאלען זיי דעריבער ארגאניזירט ווערען אין אינדוסטריעלע יוניאנס. עס איז אבער אין גאנצען ניט געווען די אבזיכט פון דער אינטערנעשאנאל זיך צו באטייליגען אין א באוועגונג צו שאפען א נייע זעלבסטשטענדיגע פערמאנענטע צענטראלע טרייד יוניאן קערפערשאפט.

די אינטערנעשאנאל איז א דעמאקראטישע ארגאניזאציע. איר פירערשאפט איז געבונדען פון די באשלוסען פון די קאנווענשאנס פון דער אינטערנעשאנאל און וואו עס איז ניטא קיין באשטימטער באשלוס פון דער קאנווענשאן דארף די פראגע באהאנדעלט און באשלאסען ווערען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע און אויב די פראגע איז א באזונדערס וויכטיגע ווערט זי אפגעלעגט און איבערגעלאזען פאר דער קומענדיגער קאנווענשאן.

פרעזידענט דובינסקי האט דעריבער אין זיין ערקלערונג וועגען דער נייער סיטואציע, וואס איז געשאפען געווארען אין דער סי. אי. א., ניט געזאגט וואס עס וועט זיין די שטעלונג פון דער אינטערנעשאנאל, נאר ער האט געזאגט, אז די אינטערנעשאנאל וועט באשטימען וואס עס וועט זיין איר שטעלונג. דאס וועט געטאן ווערען אדער פון דער גענעראל עקזעקוטיווע אדער אין נויטיגען פאל פון דער קאנווענשאן. פארלויפיג אבער איז ניטא קיין ענדערונג. און אויב אימיצער וויל נעמען אויף זיך די שווערע אויפגאבע צו פרובירען טרעפען, וואס עס וועט זיין די שטעלונג פון דער אינטערנעשאנאל, קען ער עס טאן, אבער ער דארף דערביי אויסרעכענען וואס עס איז דער בעסטער שריט צו דערנענטערען דעם פרידען אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג אין וואס די אינטערנעשאנאל איז אזוי שטארק פאראינטערעסירט. און דאס אויסצורעכענען איז גאנץ באזונדערס שווער, ווייל מיט דעם איז היינט פארבונדען ניט בלויז די טרייד יוניאן באוועגונג נאר אויך די פאליטישע באוועגונג. אבער מיר זיינען זיכער, אז דער ריכטיגער שריט וועט געמאכט ווערען, ווייל די אינטערנעשאנאל האט שטענדיג פארזיכטיג אויסגערעכענט אירע שריט, ווען זי האט געדארפט אנטשיידען א וויכטיגע פראגע.

***

## די זיכערהייט פון דעמאקראטיע און פרייהייט הענגט אפ פון דער עקאנאמישער זיכערהייט פון די פאלקס־מאסען

פרעזידענט רוזוועלט האט אין זיין ראדיא רעדע ארויסגעזאגט א גרויסען ריכטיגען געדאנק אין די איינפאכסטע ווערטער. ער האט געזאגט, אז זיין פראגראם, וואס ער האט פארגעשלאגען אין קאנגרעס צו באקעמפען דעם קריזיס, האט ניט בלויז אן עקאנאמישען צוועק, נאר אויך א פאליטישען. עס האט דעם צוועק אויפצוהאלטען און צו פארזיכערען די דעמאקראטיע און די פרייהייט אין אמעריקא.

ער האט געזאגט דאס פאלגענדע:

רעקאמענדירענדיג מיין פראגראם טראכט איך ניט בלויז וועגען די מאמענטאנע עקאנאמישע נויטען פון דעם אמעריקאנער פאלק, נאר אויך וועגען זיינע פערזענליכע פרייהייטען — דאס טייערסטע אייגענטום פון יעדען אמעריקאנער. איך טראכט וועגען אונזער דעמאקראטיע און ווי אזוי אין אנדערע ערטער פון דער וועלט איז מען אוועק פון דעם דעמאקראטישען אידעאל.

דעמאקראטיע איז פארשוואונדען אין אייניגע גרויסע לענדער ניט דערפאר וואס די פעלקער פון יענע לענדער האבען פיינט געקראגען דעמאקראטיע, נאר דערפאר ווייל זיי זיינען געווארען מיד פון ארבייטסלאזיגקייט, פון אונזיכערקייט, פון זעהן ווי זייערע קינדער הונגערן און ווי הילפלאז זיי זיינען. און אין דערזעלביגער צייט איז זייער רעגירונג געווען צוטומעלט, שוואך און האט ניט געוואוסט וואס צו טאן. דער רעזולטאט איז געווען, אז אין זייער פארצווייפלונג האבען זיי אויסגעקליבען מקריב צו זיין זייער פרייהייט פאר דער האפנונג צו קריגען עטוואס צו עסען.

מיר דא אין אמעריקא ווייסען, אז אונזערע דעמאקראטישע אינסטיטוציעס קענען אויפגעהאלטען ווערען און פונקציאנירען. אבער כדי זיי אויפצוהאלטען דארפען מיר ארבייטען צוזאמען און באגעגנען די פראבלעמען פון פאלק דרייסט און מוטיג און צו באווייזען, אז די פראקטישע ארבייט פון א דעמאקראטישער רעגירונג איז אין איהר אויפגאבע צו באשיצען די זיכערהייט פון פאלק.

דאס אמעריקאנער פאלק וויל באשיצען זיינע פרייהייטען אום יעדען פרייז און די פארטיידיגונג פון אט די פרייהייטען ליגט אין דער ערשטער ליניע אין דער שוץ פון דער עקאנאמישער זיכערהייט. און ווען די רעגירונג פון אמעריקא וויל באשיצען די אמעריקאנער דעמאקראטיע, מוז זי ווייזען, אז זי איז שטארקער ווי די כחות פון קריזיס.

די געשיכטע האט געוויזען, אז דיקטאטורען וואקסען ניט ארויס פון שטארקע און דערפאלגרייכע רעגירונגען, נאר פון שוואכע און הילפלאזע. אויב מענשען קענען דורך דעמאקראטישע מעטאדען האבען א רעגירונג, וואס איז שטארק גענוג זיי צו באשיצען פון שרעק און פון הונגער, וועט זייער דעמאקראטיע האבען אן ערפאלג. ווען זייער רעגירונג איז אבער צו שוואך עס צו טאן, ווערען זיי אומגעדולדיג. דערפון איז עס דעריבער קלאר, אז דער איינציגער זיכערער מיטעל אויפצוהאלטען דעמאקראטיע און פרייהייט איז א רעגירונג, וואס איז שטארק גענוג צו באשיצען די אינטערעסען פון פאלק און א פאלק, וואס איז שטארק גענוג צו האלטען א קאנטראל אויף זיין רעגירונג.

אמעריקא איז א רייך לאנד און מיר האבען די מעגליכקייט צו צאלען פאר אונזער זיכערקייט, ניט דארפענדיג מקריב זיין אונזערע פרייהייטען.״

אט די איינפאכע קלארע ווערטער פון פרעזידענט רוזוועלט, וואס ווייזען ווי ענג עס איז פארבונדען די עקאנאמישע זיכערהייט פון די מאסען מיט דער זיכערהייט פון דער דעמאקראטיע און פרייהייט פון לאנד, קענען ניט פארפעלען צו האבען זייער ווירקונג.

די דינער פון די גרויסע באלעבאטים, וואס שרייען די לעצטע צייט אזוי הויך וועגען דעמאקראטיע און פרייהייט אין אמעריקא, נאר אין דעמזעלביגען אטעם שרייען זיי אויך, אז די רעגירונג טאר מער ניט אויסגעבען קיין געלד צו העלפען די ארבייטסלאזע קריגען ארבייט און די הונגעריגע ברויט, זיינען זיכער ניט די שיצער פון דער אמעריקאנער דעמאקראטיע און פון די פרייהייטען פון אמעריקאנער פאלק.

***

## א נייער געזעץ־פראיעקט וועגען א מינימום ארבייטס־לוין און מאקסימום ארבייטס־וואך

אפשר וועט דאס מאל זיין מזל׳דיג און דער קאנגרעס וועט דאך אננעמען א געזעץ וועגען א מינימום ארבייטס־לוין און א מאקסימום ארבייטס־טאג. פרעזידענט רוזוועלט האט עס געבעטען צום סוף פון זיין לאנגען מעסעדזש צום קאנגרעס וועגען די קנאפע פינף ביליאן דאלאר, וואס ער פארלאנגט, צו פארטרייבען דעם קריזיס. און עס זעהט אויס, אז אין קאנגרעס וועט זיך דאס מאל געפינען א גענוגענדע מאיאריטעט אזא געזעץ אנצונעמען. ערשטענס איז דער געזעץ־פראיעקט, וואס איז פון דאס ניי אריינגעטראגען געווארען אין קאנגרעס, אזוי געענדערט געווארען, אז א באדייטענדער טייל פון די באלעבאטים זאלען איהם קענען לייכטער ארונטערשלינגען; צווייטענס, ווערט עס אלץ נעהנטער צו די קאנגרעס־וואהלען און א שטים געגען דעם געזעץ־פראיעקט קען אין מערערע ערטער איינעם קאסטען זיין פלאץ אין קאנגרעס.

דער געזעץ־פראיעקט, וואס איז איצט אריינגעבראכט געווארען אין קאנגרעס, פארלאנגט ניט, אז מען זאל גלייך איינפירען א מינימום ארבייטס־לוין פון 40 סענט א שטונדע און א 40 שטונדיגע ארבייטס־וואך, נאר ער מאכט עס, קען מען זאגען, אין „אינסטאלמענטס״. מען זאל אנפאנגען מיט א מינימום פון 25 סענט א שטונדע און מיט א מאקסימום פון 44 שטונדען א וואך, נאר יעדעס יאהר זאל דער מינימום ארבייטס־לוין געהעכערט ווערען מיט א ניקעל אויף דער שטונדע.

# א שמועס אין א סמאוקער פון דער סאנטא־פע אויפן וועג נאך סאן־פראנציסקא

פון ש. יאנאווסקי

.4



י דערפאר, ווייל עס איז שוין געווען די לעצטע געלעגנהייט פאר יעדן איינעם פון אונזערע מיטשמועסער זיך ארויסצוזאגן איבער גאר פילע פונקטען פון אונזער שמועס; צי צוליב אירגענד וועלכע אנדערע אורזאכען, ווי, למשל, דעם חשק צו ענטפערן ביידע דעבאטאנטען פון דער לעצטער צוזאמענקונפט, סיי דעם זאגענאנטען רעאקציאנער און סיי דער זאגענאנער קאמוניסטקע, זיינען מיר זיך אלע צונויפגעקומען פריהער ווי געוויינליך, און דעם שמועס האט גלייך אנגעפאנגען איינער וועלכער האט ביז איצט גאנץ ווייניג גערעדט.

— איך דענק, אז אונזער געאכטעטע פרוי, וועלכע האט אויף זיך גענומען די שווערע ראליע פון א פארטיידיגערין פון דער קאמוניסטישער פאזיציע, האט מיט איר פארוואורף צו איר אפאנענט צו קענען זיך בלויז מיט שיילאקס, געטראפען ניט נאר איהם נאר אונז אלע. אנגענומען, אז עס זיינען דא אזעלכע צדיקים, וועמען עס איז פרעמד און פארהאסט אפילו דער געדאנק וועגען פריוואט־אייגענטום, אבער וויפיל זיינען זיי דא אין אונזער לעבען? מען קאן זיי דאך איבערציילען אויף די פינגער. די מענשליכע נאטור איז געקניפט און געבונדען מיט דעם פארלאנג נאך אייגענטום. זאל צוגעגעבען ווערען, אז עס זיינען דא מענשען וועלכע האנדלען אפט אהן דעם מינדעסטען קלער וועגען אייגענטום. יא, גאנץ אפט ריזיקירען זיי מיט זייער לעבען; אבער אז איר וועט גוט באטראכטען, האבען זיי אויך אין זינען עטוואס, וואס איז ניט אין גאנצען אהן א געוויסען אייגענונץ, ווי צום ביישפיל, קריגען א גרויסען נאמען אין דער וועלט, מאכען זיך אונשטערבליך. אמת, דאס איז שוין א פארלאנג פון א העכערען אינטערעס, אבער דאך פון אן אינטערעס. יא, די מערסטע מענשען וואס איך און מיר אלע האבען באגעגנט, האבען דוקא א גאר מערקווירדיגע עהנליכקייט מיט דעם טיפ שיילאק, ווי שעקספיר האט אים געמאלען, און דערפאר בין איך זיכער דאס דער קאמוניזם געהט להיפוך דער גאנצער מענשליכער נאטור.

— איהר מאכט נאר איין קליינעם טעות, — האט אונטערבראכען די קאמוניסטקע. — די מענשליכע נאטור איז אויך ניט אייביג. זי האלט זיך אין ענדערען צום בעסערען.

— ריכטיג! — האט אונטערבראכען איינער פון א ווינקעל. — מיר קענען עס דאך זעהן באשיינפערליך אין דעם וואס עס טוט זיך אין דייטשלאנד, רוסלאנד, עסטרייך און גאנץ אייראפע. דער מענשליכער לעבען ווערט דאך דארט חשוב'ער פון טאג צו טאג.

דער עולם האט זיך צולאכט.

— א געלעכטער אן א זייט, — האט זיך אפגערופען דער מיט דער גרוי ווערענדער בערדעל, וואס האט אזוי פאר'עקשנט געשוויגען ביז איצט. — אבער איך פארשטעה ניט פון וואנען האט זיך גענומען ביי אונזער געאכטעטער קאמוניסטקע דער מוט צו פארטיידיגען מיט אזא ברען דעם קאמוניזם. ווייס זי דען ניט, אז די מענשהייט אין דעם באגינען פון איהר געשיכטע־לעבען האט זיך געפיהרט קאמוניסטיש? אלזא, עס איז געווען א סארט אור־קאמוניזם, וועלכער איז גאר שנעל אויסגערונען, אזוי גיך ווי דער מענש האט זיך דערפיהלט אלס א א י ך, און ניט בלויז א מיטגליד פון דער געמיינדע. און איז איהר ניט באקאנט, אז דער קריסטענטום האט זיך אנגעהויבען מיט קאמוניזם? און איך בין זיכער, אז איהר אלע ווייסט, וויפיל עס איז געבליבען פון קאמוניזם אין דעם גאנצען קריסטענטום. און לענין, דער געטשקע פון די קאמוניסטען, האט דען ניט אנגעפאנגען זיין גרויסע וועלט־איבערקערענדע רעוואלוציע אין סאוועטען־פארבאנד מיט דעם ריינסטען קאמוניזם, און האט באלד נעבאך געמוזט פארקירעווען דעם דישעל און איינגעפירט דעם „נעפ“. וואס דאס איז געווען בלויז אן אנדער נאמען פאר דעם פארשאלטענעם פריוואט־אייגענטום? און ביז היינטיגען טאג איז נאך דארט אלץ ניטא קיין זכר פון קאמוניזם. עס בושעוועט דארט אין זיין ווילדער און גרעבסטער פארמע דער שטאאטס־קאפיטאליזם און אזא שטאאט, וועלכער ווערט ניט רעפרעזענטירט פון א מאיאריטעט פון פאלק און אפילו ניט פון א מינאריטעט, נאר פון דעם ווילען פון א הייפעל בלוטדורשטיגע וואריאטען.

אויך איז מיר אין גאנצען אונפארשטענדליך, ווי קומט אונזער קאמוניסטקע ארויס מיט אן ערקלערונג, אז קיינער אונטער דער איצטיגער פראדוקציע קען ניט אויף עטוואס ארויפלעגען זיין האנט און זאגען אז עס איז זיינס, בעת זי מוז דאך וויסען, דאס די ארבייטער און פויערים איבער גאנץ רוסלאנד ארבייטען אונטער דעם פארשאלטענעם סיסטעם פון שטיק־ארבייט און ביז היינטיגען טאג פארדינען זיי קוים וואסער אויף קאשע און עס איז דא בלויז איין קליקע וועלכע לעגט ארויף איהר לאפע אויף אלעס.

— ריכטיג, דערווייל איז נאך ניטא קיין קאמוניזם אין רוסלאנד. דאס לייקענט קיינער ניט. אבער דערצו ווערט געשטרעבט מיט אלע כחות, — האט זיך אפגערופען איינער, וואס האט געגאלטען אין אונזער קרייז אלס א קאמוניסטישער סימפאטיקער. און דאן טאר מען ניט פארגעסען, אז די פראצע וואס ווערט צוגענומען פון פאלק, איז עס דאך ניט, אום רייך צו מאכען דעם אדער יענעם פארד, נאר ווערט באנוצט אין די אינטערעסען פון גאנצען פאלק.

דא האט שוין אונזער טשערמאן פארלארען זיין געוויינליכע געלאסענקייט און האט ערקלערט די גאנצע מעשה וועגען די אינטערעסען פון פאלק אלס א פשוט'ן אויגען־אויסשטעכענדען ליגען. וויבאלד אלץ ווערט געטאן מיט די ערגסטע מיטלען פון דעם שענדליכסטען טעראר, — האט ער געזאגט, — קען עס ניט זיין אין די אינטערעסען פון פאלק. און פאר מיר איז א קנאפער אונטערשייד ווי די פראצע פון פאלק ווערט פארווענדט און צו וועמען זי קומט אן, צי זי קומט אן צו איניגע איינצעלנע, צי זי קומט אן צו א קליקע. די עקספלואטאציע איז די זעלבע. איך געה נאך ווייטער. אונטער דער קאפיטאליסטישער ארדנונג ווערט דער קאפיטאל, וואס קומט צו די פארדס און צו די ראקעפעלערס, דאך פארברויכט אויף אזעלכעס וואס מאכט דאך דאס אלגעמיינע מענשליכע לעבען, פון דעם ארימסטען ביז דעם רייכסטען, אלץ שעהנער און רייכער. דערמאנט זיך נאר, וואס פארד און עהנליכע צו איהם האבען אויפגעטאן מיט זייערע אונטערנעמונגען; אבער וואס פאר א געברויך מאכען די דיקטאטורען מיט דער אנגערויבטער פאלקס־פראצע? טוט א בליק אויף אלע דיקטאטארישע לענדער, און איהר וועט זעהן דעם גרויסען אונטערשייד.

מיט די ווערטער האט זיך אונזער טשערמאן, צו אונזער אלעמענס איבערראשונג, געשטעלט זיך אויף דעם שטאנדפונקט פון דעם רעאקציאנער. מיר האבען איהם געהאלטען מעהר פאר א ראדיקאל, וועלכער האט פון צייט צו צייט געהאט צו זאגען א גוט ווארט פאר דעם ראטען־פארבאנד און געטרייט צו פארגלעטען גאר פילע ווילדקייטען און אונגעהייערע גרויזאמקייטען מיט וועלכע דאס איצטיגע רוסישע לעבען איז אזוי פול.

— אויב אזוי, — האט זיך אפגערופען איינער פון אונזערע מיטסמאוקערס, וועלכער האט ניט זעהר פיל בייגעטראגען צו אונזער שמועס ביז איצט, — האבען מיר שוין צוויי פריינד, וועלכע האבען זיך ארויסגעזאגט גאנץ קלאר פאר פריוואט־אייגענטום. וואלט טאקע כדאי געווען צו האבען א ריכטיגע פארטייטשונג פון דעם ווארט פריוואט־אייגענטום, צי דאס מיינט א הסכמה, אז דער ראק וואס איר טראגט אויף אייער פלייצע איז אייערער און קיינער האט ניט קיין רעכט עס אוועקצונעמען פון אייך, און טוט ער עס יא איז ער א פשוטער רויבער און גנב און דארף דערפאר באשטראפט ווערען אזוי שטרענג ווי מעגליך, ווייל אזא איינער מאכט דאס גאנצע געזעלשאפטליכע לעבען אונמעגליך, אדער צי די הסכמה אויף פריוואט־אייגענטום געהט אויך אזוי ווייט, אז עס האנדעלט זיך אום די אנהויפונג פון מיליאנען אין די הענט פון אן איינצעלנעם מענשען און קען מיט דער הילף פון די מיליאנען בארויבען טויזענדע און טויזענדע אנדערע מענשען פון אלץ, וואס מאכט דאס לעבען ווערט צו לעבען. לאמיר עס מאכען נאך קלערער. מיר זיינען אלע איינפארשטאנען, אז דער וואס רויבט פון אייך אוועק דעם ראק פון אייערע פלייצעס באגעהט א פארברעכען געגען דאס הייליגע פריוואט־אייגענטום און דער מולטי מיליאנער, למשל, א פארד, א ראקעפעלער, א קארנעגיע און אזוי ווייטער זיינען גאר אונזערע וואוילטעטער, ווי אונזער טשערמאן האט זיך אויסגעדריקט. איז עס טאקע אמת דאס ווערטעל, אז די גרויסע רויבער און גנבים זיינען פריי ווי די פויגעלאך אין דער לופט און זיי פארזוכען זעלטען־ווען דעם טעם פון פריזאן און אונזערע פריזאנס זיינען פול מיט נאר קליי־ און שפיי־ גנבים און רויבער? איך וואלט געווען זעהר דאנקבאר ווען ווער־עס־איז פון די פארטיידיגער פון פריוואט־אייגענטום זאל זיך נעמען די מיה צו ענטפערן אויף מיין פראגע.

עס איז אריינגעטראטען א פויזע פאר א קורצער ווייל'ע. דאן האט אונזערע רעאקציאנער אדער ריכטיגער דער אזוי גערופענער רעאקציאנער, אנגעהויבען מיט א שמייכעל:

— אודאי איז דא עטוואס אין דעם סיסטעם פון פריוואט־אייגענטום, וואס קען ניט אזוי לייכט פארטיידיגט ווערען. אבער קען אימיצער אנווייזען אויף עטוואס פאלקאמענעס אין דער אונפאלקאמענסטער פון אלע וועלטען? ניטא אן אינסטיטוציע, א מענש אדער אירגענד עטוואס וואס זאל באשטעהן פון גאלע מעלות. ווארום־זשע פאדערען פון דער אינסטיטוציע פון פריוואט־אייגענטום, וועלכע האט מיט אלע איהרע חסרונות דאך געמאכט מעגליך פאר דעם מענשען אויסצופעכטען די גרויסע מלחמה זיינע פאר עקזיסטענץ און קען דוקא אנווייזען אויף גרויסע, יא אונגעהייערע דערגרייכונגען סיי אין מאטעריעלען לעבען פון דער גאנצער מענשהייט און סיי אויך אין מאראלישען?

אונזער קאמוניסטקע אין איהר פלאמענדיגער פארטיידיגונג פון דעם קאמוניזם האט די גאנצע שולד ארויפגעווארפען אויף פריוואט־אייגענטום, ערקלערענדיג אז ער איז דאס דער ווארצעל פון אלע איבלען. דאס איז נאטירליך אונזין. ווען דאס וואלט געווען אמת, וואלט דער מענש און זיין גאנצער לעבענס־שטייגער שוין לאנג געווען אנגעווישט פון אונזער ערד. דער פאקט אבער איז, דאס דוקא מיט דעם וואוקס פון פריוואט־אייגענטום וואקסט אויך אונזער ציוויליזאציע און קולטור. דער. ווארצעל פון די צרות אין לעבען איז דער מענש אליין, וועלכער איז פון זיין סאמע געבורט זעהר און זעהר ניט פאלקאם, אויב ניט, צו געברויכען דאס ביבלישע ווארט, שטארק זינדיג. און אויך איז זעהר און זעהר ניט פאלקאם אלעס וואס רינגעלט איהם ארום. נאר מענשען, וועלכע דענקען זעהר ווייניג, קענען חלום'ען וועגען א מילעניאום, אבער מענשען מיט שכל זיינען צופרידען ווען נאר אירגענד וועלכע פארבעסערונג טרעט איין אין לעבען און זיי פארנעמען זיך ניט מיט דער אויסווארצלונג פון פריוואט־אייגענטום, וואס אי זיי זיינען עס ניט בכח און וואס איז אי ניט דער ווארצעל פון אלע איבלען.

אין איין פונקט בין איך דוקא איינפארשטאנען מיט אונזער ליבער קאמוניסטקע, ווען זי האט געזאגט אז די מענשליכע נאטור איז ניט אייביג, אז זי ענדערט זיך צום בעסערען און איבער וואס מיר האבען זיך אלע צולאכט. ווען אונזער סאטיריקער האט אנגעוויזען אויף דעם, וואס טוט זיך אין דער גאנצער משוגה'דיגער אייראפא, רוסלאנד איינגעשלאסען. עס איז ניט געווען פון וואס זיך צוצולאכען. די מענשליכע געזעלשאפט האט אהן צווייפעל געמאכט גרויסען פארטשריט אויף אלע געביטען פון לעבען. וואס מיר מאכען דורך אין דער איצטיגער צייט איז בלויז א קליינער צוריקשפרונג צו דעם אלטען בארבאריזם וואס איז גאר קיין וואונדער ניט נאך דער שרעקליכער וועלט־מלחמה וואס מיר האבען מיט אזא לייכטזיניגקייט ארויפגעשלעפט אויף זיך. אבער אויך אט די משוגה'דיגע צייט וועט באלד פאריבער. פריהער אדער שפעטער וועלען די מענשען קומען צוריק צו זייער באזינונג און דער מארש פון פארטשריט וועט זיך אנפאנגען פון דאס ניי. איין זאך מוז מען געדענקען. טאקע דער מענש ענדערט זיך, אבער אזוי פארדאמט לאנגזאם. טאקע אונזער ווייטערע ענטוויקלונג צו א

---

לען אירע חובות, ווען זיי וועלען אפילו זיין דאפעלט אזוי גרויס ווי זיי זיינען איצט. זיי אינטערעסירט מער, אז די וואס ווילען און קענען ארבייטען, זאלען האבען ארבייט און אז די וואס קענען ניט ארבייטען און הונגערן, זאלען האבען וואס צו עסען. דאס איז דער פראבלעם און דער יושר פון די גרויסע, ברייטע פאלקס־מאסען און זיי וועלען שטיין מיט רוזוועלט'ן אין זיין פאדערונג פאר נייע גרויסע געלד־סומען פאר רעליעף ארבייט.

# פון צייט צו צייט

פון צביון

דער דורכפאל פון דעם רעארגאניזאציע־געזעץ־פראיעקט אין קאנגרעס וואלט געקענט ווייניג אינטערעסירן די ארבייטער, ווען מיט אים וואלט אויך ניט געווען פארבונדען א גרויסער דורכפאל פון רוזוועלט'ס פרעסטיזש און איינפלוס.

דער רעארגאניזאציע געזעץ־פראיעקט איז ארגאניש ניט פארבונדען מיט דער פראגרעסיווער סאציאל־עקאנאמישער פראגראם פון פרעזידענט רוזוועלט. דער רעארגאניזאציע פלאן, וואס רוזוועלט האט פארגעשלאגען, האט אין גרונט צו טאן מיט א טעכנישער פראגע ווי בעסער צו ארגאניזירן דעם אדמיניסטראטיווען טייל פון דער רעגירונג, אז עס זאל ארבייטן בעסער און קאסטן ווייניגער.

רוזוועלט איז ניט דער ערשטער פרעזידענט אין אמעריקע, וואס האט פרובירט דורכפירען א רעארגאניזאציע פון דעם אדמיניסטראטיווען טייל פון דער אמעריקאנער רעגירונג. דאס האבען שוין פרובירט אויך אנדערע פרעזידענטען פאר אים. צווישען די לעצטע פרעזידענטען האבען עס פרובירט טאפט, ווילסאן און קולידזש, אבער קיינעם פון זיי האט זיך עס ניט איינגעגעבען. קאנגרעס איז געווען געגען ניט צוליב וועלכע עס איז פרינציפען פון דעמאקראטיע, נאר פשוט צוליב דעם, וואס די רעארגאניזאציע וואלט, ערשטענס, אפגעשאפט א סך גוט באצאלטע דזשאבס, וועלכע עס האלטען פאליטישע און פערזענליכע פירער פון די סענאטארען און קאנגרעסלייט, און צווייטענס, וואלט די רעארגאניזאציע פארקלענערט אביסעל די דעה פון קאנגרעס אויף דעם אדמיניסטראטיווען אפאראט. און עס איז ניט בלויז נאטירליך, אז דער קאנגרעס זאל ניט וועלען אזוי לייכט אפגעבען א טייל פון זיין דעה, נאר אין דעם פאל איז עס פארבונדען מיט פארקלענערן די מעגליכקייט פון די סענאטארען און קאנגרעסלייט איינצוטיילען דזשאבס צו אייגענע מענשען.

נאר קיינמאל האט דער קאמף אין קאנגרעס און ארום קאנגרעס וועגען א פלאן צו רעארגאניזירן די אדמיניסטראציע ניט אנגענומען אזא שטורעמדיגען כאראקטער, ווי וועגען דעם וואס רוזוועלט האט פארגעשלאגען. אבער דאס איז ניט דערפאר, וואס רוזוועלט'ס פלאן איז אזא שרעקליכער, וואס מען מוז שטורמען געגען דעם, נאר דערפאר, וואס מען דארף שלאגען רוזוועלט'ן.

ווען דער פלאן פון דער פארגעשלאגענער רעארגאניזאציע וואלט געווען אזא שרעקליכער, וואס קען פירען צו א דיקטאטור אין אמעריקע, ווי די געגנער פון פלאן האבען עס געשריען, וואלטען זיי דעם געשריי געדארפט אויפהויבען מיט 15 חדשים צוריק, ווען רוזוועלט האט זיין רעארגאניזאציע פלאן באקאנט געמאכט. דער פלאן איז אויסגעארבייט געווארען פון דריי אמעריקאנער פראפעסארען־ספעציאליסטען, וועמען רוזוועלט האט איבערגעגעבען די ארבייט צו מאכען א גרינדליכע אויספארשונג וועגען דעם אדמיניסטראטיווען אפאראט פון דער רעגירונג, וואס איז אזוי פארעלטערט און אזוי קאמפליצירט, אז ניט נאר זיינען זיינע קאסטען געוואלטיג גרויס, נאר ער ארבייט אויך שלעכט. די קאמיטע פון די דריי פראפעסארען האט דעם 8טען יאנואר, 1937, צוגעשטעלט א באריכט פון איר ארבייט און א פלאן פון רעארגאניזאציע, וואס רוזוועלט האט עס פארעפענטליכט. אבער עס האט ניט ארויסגערופען דעמאלט קיין געשריי און קיין היסטעריקע. מערערע צייטונגען האבען דעמאלט אויסגעדריקט זייער פולע צושטימונג צו דעם פלאן. צווישען זיי איז אויך געווען די „ווארלד־טעלעגראם", וואס האט איצט אזוי היסטעריש געשריען געגען דעם פלאן. אנדערע צייטונגען האבען בלויז איינגעשטימט מיט געוויסע טיילען פון דעם פלאן. און אזוי איז אויך געווען די באציאונג פון איינצעלנע פערזאנען, וועלכע האבען זיך גענומען די ארבייט דורכצולייענען דעם באריכט און זיך פאנאנדערקלייבען אין אים. יעדענפאלס איז דעמאלט קיינער ניט אריינגעפאלען אין א היסטעריקע ארויסצוקומען מיט א געשריי, אז דער פארגעשלאגענער רעארגאניזאציע פלאן טראגט מיט זיך די געפאר פון א דיקטאטור פאר אמעריקע.

דאס איז דער בעסטער באווייז, אז עס האט זיך דא ניט געהאנדעלט וועגען דעם פלאן גופא, נאר אז דער עיקר איז דא געווען רוזוועלט, געגען וועלכען עס האבען זיך לעצטענס פאראייניגט זיינע פיינט פון ביידע פארטייען — סאי פון דער רעפובליקאנער סאי פון דער דעמאקראטישער.

אין די לעצטע פרעזידענטען־וואהלען, אין וועלכע רוזוועלט איז ערוויילט געווארען מיט אזא ריזיגער מאיאריטעט, איז אויך ערוויילט געווארען א ריזיגע דעמאקראטישע מאיאריטעט, אבער עס האט זיך באלד ארויסגעשטעלט, אז א דעמאקראטישע מאיאריטעט איז ניט דאס זעלביגע וואס א רוזוועלט מאיאריטעט. פאר א גאנץ גרויסער צאל פון די געוויילטע דעמאקראטישע פארטרעטער איז רוזוועלט'ס פראגראם געווען צו פראגרעסיוו. זיי זיינען געווען צופרידען מיט איר, וואס זי האט זיי געגעבען א מעגליכקייט געוויילט צו ווערען, אבער זיי זיינען געגען דעם, אז זי זאל דורכגעפירט ווערען. צווישען די דעמאקראטישע קאנגרעסלייט און סענאטארען זיינען פאראן א סך וואס זיינען איבערגעגעבענע דינער פון גרויס קאפיטאל און זיינען די ביטערסטע פיינט פון רוזוועלט'ס סאציאלע רעפארמען, אדער „ניו דיל".

די דעמאקראטישע פארטיי האט נאך קיין מאל ניט געהאט אין קאנגרעס אזא גרויסע מאיאריטעט, אבער דער פאנען־טרעגער פון דער דעמאקראטישער פארטיי, דער פרעזידענט, האט אין דעם איצטיגען קאנגרעס קיין איינציגען וויכטיגען פונקט פון זיין פראגראם, אויסער דעם פארמער ביל, ניט געקענט דורכפירען. א סך פון זיינע דעמאקראטען אין קאנגרעס האבען זיך פאראייניגט מיט די רעפובליקאנער און זיי האבען געשאפען א מאיאריטעט געגען אים.

דער היסטערישער געשריי וואס איז ארגאניזירט געווארען געגען דעם רעארגאניזאציע געזעץ־פראיעקט, האט געהאט פאר זיין הויפט־ציל צו שלאגען רוזוועלט'ן און צו ברעכען זיין פרעסטיזש און זיין איינפלוס. און ווען רוזוועלט וועט זיין געשלאגען וועט זיין לייכטער צו שלאגען זיינע סאציאל־עקאנאמישע רעפארמען.

פרעזידענט רוזוועלט האט איצט איין וועג פאר זיך: ער דארף אפעלירען צום פאלק. עס פאנגט זיך באלד אן — אין אנדערע ערטער האט עס זיך אנגעפאנגען — דער וואהל־קאמף פאר'ן נעקסטען קאנגרעס. רוזוועלט דארף אפעלירען צום פאלק, אז עס זאל וועהלען אזעלכע קאנגרעסלייט און סענאטארען וואס וועלען שטיצען זיין פראגראם. דאס קען, אמת, פארשאפען רוזוועלט'ן אביסעל אונאנגענעמליכקייטען. ער וועט אין מאנכע ערטער מוזען קומען אין א צוזאמענשטויס מיט איינפלוסרייכע פירער פון דער דעמאקראטישער פארטיי, אבער פרעזידענט רוזוועלט האט אויף זיך א גרויסע פליכט. ער האט אין דער צייט פון זיין וואהל־קאמף געמאכט פארשפרעכונגען צו זיינע וועהלער און ער מוז זיי ערפילען.

❦

פרעזידענט רוזוועלט איז ענדליך ווידער אמאל געקומען צו דער איבערצייגונג, אז מיט עקאנאמיע און מיט איינשפארען וועט מען דעם קריזיס ניט פארטרייבען פון לאנד, נאר גיכער וועט מען אים פארטרייבען דורך ספענדען און דורך נייע עפענטליכע ארבייטען אויף א גרויסען מאסשטאב, וואס זאלען געבען באשעפטיגונג צו די מיליאנען ארבייטסלאזע.

רוזוועלט האט זיך א לענגערע צייט געקווענקעלט, איידער ער איז געקומען צו דעם שלוס. רוזוועלט האט שוין געהאט אנגעפאנגען גלויבען, אז ער איז דעם קריזיס בייגעקומען און אז ער דארף דעריבער זיך נעמען צו מאכען עקאנאמיע, כדי צו באלאנסירן דעם בודזשעט פון דער רעגירונג. די וואקסענדע חובות פון דער רעגירונג זיינען אין די הענד פון זיינע געגנער א שטענדיגער וואפען געגען אים. זיי לאזען ניט אויס די קלענסטע געלעגענהייט צו דערמאנען, אז די וואקסענדע חובות פון דער רעגירונג וואס רוזוועלט פאראורזאכט דורך די גרויסע דעפיציטען פון בודזשעט, וואס ער מאכט, פירט דאס לאנד צו א פינאנציעלען באנקראט און דאס וועט זיין די גרעסטע קאטאסטראפע פאר דער עקאנאמישער ווירטשאפט פון אמעריקאנער פאלק. דאס איז פאר רוזוועלט'ן זייער אונאנגענעם צו הערען. און וויס ער דאך אויך אליין, אז כסדר'דיגע דעפיציטען פון בודזשעט און וואקסענדע חובות טויגען ניט. ער האט דעריבער, ווי די עקאנאמישע לאגע אין לאנד איז נאר געווארען בעסער, אנגעפאנגען שניידען די הוצאות פון דער רעגירונג און, פארשטעהט זיך, דארטען, וואו די הוצאות זיינען געווען די גרעסטע — די הוצאות אויף רעליעף.

נאר עס איז געווען א שלעכטע אויסרעכענונג. גלייך ווי רוזוועלט האט געמאכט א טיפען שניט אין די הוצאות אויף רעליעף האט זיך דער קריזיס צוריק אנגעפאנגען באוויזען. רוזוועלט האט צוערשט ניט געוואלט גלויבען, אז דער קריזיס, וואס ער האט אקארשט ערשט פארטריבען, האט זיך ווידער באוויזען. ער האט דעריבער פאר דער נייער געדריקטער עקאנאמישער לאגע געברויכט א מילדערען ווארט — „רעסעשאן", עס הייסט, אז עס איז ניט מער ווי א „צווישענדפויזע", אן אונטערברעכונג אין דעם גאנג פון דער אנקומענדער פראספעריטי, אבער ניט קיין צוריקקומען פון קריזיס. עס האט זיך אבער אויסגעלאזען, אז עס איז געווען א פאלשע טרייסט. רוזוועלט האט אליין דערזעהן, אז עס איז ניט קיין „ריסעשאן", נאר א „דיפרעשאן", און אז מען מוז דעריבער עפעס טאן מער ווי טרייסטען זיך מיט ווערטער.

עס איז ניט קיין גרויסער אונטערשיד אויב אין לאנד זיינען איצט פאראן עלף מיליאן ארבייטסלאזע, אדער דרייצען מיליאן, ווי אנדערע שאצען עס. עלף מיליאן איז אויך א גענוג גרויסע ארמיי און פאר ארבייטסלאזיגקייט איז פאראן בלויז איין ענטפער: שאפען ארבייט.

פרעזידענט רוזוועלט האט פרובירט זיך אליין אפנארען, אפעלירענדיג צו די אינדוסטריעלע מאגנאטען, אז זיי זאלען פארגרעסערן זייער פראדוקציע און באשעפטיגען מער ארבייטער. רוזוועלט איז אבער גענוג קלוג און ערפארען צו וויסען, אז אונטערנעמער האבען בלויז איין זאך אין זינען: פראפיטען. ווען די אונטערנעמער זעהען פאר זיך פראפיטען, וועלען זיי באשעפטיגען אזוי פיל ארבייטער וויפיל זיי וועלען נאר קריגען, ווען זיי זעהען אבער ניט קיין פראפיטען, וועט עס ניט העלפען קיין אפעלירען.

מען האט אין דער קורצער צייט, וואס די עקאנאמישע לאגע איז געווארען בעסער, זיך אויך פרובירט טרייסטען, אז אלע טעאריעס וועגען טעכנאלאגישער ארבייטסלאזיגקייט זיינען פאלשע, אויסגעטראכטע. מאנכע אינדוסטריעס האבען נעמליך אנגעפאנגען ארבייטען מיט'ן פולען שוואונג ווי אין די גוטע פראספעריטי צייטען און עס האט אויסגעוויזען, אז ניט קוקענדיג אויף אלע נייע טעכנישע ערפינדונגען און ארבייטס־שפארענדע מאשינען, איז נאך אלץ פאראן גענוג ארבייט פאר מענשליכע הענד. מען האט דערביי אבער פארגעסען, אז די אינדוסטריעס, וואס האבען אנגעפאנגען ארבייטען מיט'ן פולען שוואונג, זיינען געווען מייסטענס די, וואס האבען געדארפט אויספילען די גרויסע לידיגע לעכער, וואס זיינען געמאכט געווארען אין די עטליכע יארען פון קריזיס, ווען דער עולם האט געקויפט אזוי ווייניג און האט אפגענוצט אלץ וואס ער האט געהאט פון די פריערדיגע בעסערע יארען. און דערצו האט מען פארגעסען, אז די וויכטיגסטע פון די אינדוסטריען, וואס זיינען אויף א קורצער צייט געווארען אזוי שטארק באשעפטיגט, האבען געארבייט פאר מלחמה־באוואפנונג, האבען פראדוצירט אמוניציע א. א. וו. און דאך איז אפילו אין דער קורצער צייט פון אויפשוואונג געווען אן ארבייטסלאזע ארמיי פון ארום זיבען מיליאן. דארף מען א בעסערען באווייז פאר דער עקזיסטענץ פון טעכנאלאגישער ארבייטסלאזיגקייט?

דער בעסטער ענטפער אויף טעכנאלאגישער ארבייטסלאזיגקייט איז א קורצער ארבייטס־טאג וואס דארף דורכגעפירט ווערען דורך א געזעץ פון קאנגרעס פאר'ן גאנצען לאנד. אבער רוזוועלט וויס שוין ווי „לייכט" דאס איז.

אין דעם איצטיגען מאמענט איז דעריבער דער איינציגער וועג אנצופאנגען נייע עפנטליכע ארבייטען אויף א גרויסען מאסשטאב, וואס זאל געבען באשעפטיגונג א א גרויסער צאל פון די ארבייטסלאזע.

❦

עס פארשטעהט זיך, אז רוזוועלט וועט דארפען אנפירען א קאמף אין קאנגרעס צו קריגען די גרויסע סומע געלד, וואס איז נויטיג פאר דער נייער רעליעף ארבייט. די צייטונגען פון די גרויסע באלעבאטים דריקען שוין אויס זייער צופרידענהייט מיט דער גוטער בשורה, וואס זיי האבען באקומען פון וואשינגטאן, אז רוזוועלט'ס פאדערונג פאר נייע ביליאנען פאר רעליעף ארבייט וועט באגעגענען אין קאנגרעס א שטארקען ווידערשטאנד. אבער גראד פאר דעם ווידערשטאנד פון קאנגרעס דארף רוזוועלט זיך ניט שרעקען. דאס וועט אים גראד געבען די בעסטע געלעגענהייט צו אפעלירען צום פאלק געגען דער רעאקציאנערער מאיאריטעט פון קאנגרעס.

די טענה פון די באלעבאטים, אז נייע גרויסע אויסגאבען פאר רעליעף ארבייט, וועלען ווידער פארגרעסערן די חובות פון דער רעגירונג, איז אן אלט־באקאנטע. אבער די גרויסע ברייטע פאלקס־מאסען קימערן זיך ווייניג וועגען די חובות פון דער רעגירונג. זיי ווייסען, אז אמעריקע איז רייך גענוג און זי וועט קענען באצא

# די היסטארישע קאמפען פון דעם אמעריקאנישען ארבייטער קלאס

פון א. יאזעפסאן

## דער קאמף אין האומסטעד.

אין די יארען פון 1885 ביז 1895 האט זיך די אמעריקאנער אינדוסטריע גענומען קאנצענטרירען (צונויפגיסען) אין מעכטיגע קאמפאניס און אין טראסטען. א סך קליינע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען האבען זיך צונויפגעשמאלצען אין ריזיגע קארפאראציעס און אין קאמפאניס. אזוי איז באקאנט, אז אין יענע יארען איז געשאפען געווארען דער אויל־טראסט, די יונייטעד סטייטס סטיל קארפארײשאן, דער אלומינום טראסט און אנדערע קאמפאניס.

מיר וועלן דא אויף טשיקאוועס, ברענגען א ביסעל ציפערן וועגען דער קאנצענטראציע פון די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין די פאראייניגטע שטאטען אין די יארען פון 1880 ביז 1890.

| | צאל פאב־ריקען 1880 | צאל פאב־ריקען 1890 |
|---|---|---|
| אגריקולטור מאשינעריי | 1,943 | 910 |
| קארפעטס און ראגס | 195 | 173 |
| די קאטן (בוימוואל) אינדוסטרי | 1,005 | 905 |
| גלאז אינדוסטרי | 211 | 294 |
| האושערי, ניט־גודס (שטריקעריי) | 359 | 796 |
| אייזען און שטאל | 699 | 699 |
| לעדער | 2,628 | 1,787 |
| פאפיר | 742 | 649 |
| שיף בויאונג | 2,188 | 1,006 |
| זייד אינדוסטרי | 382 | 472 |
| פעקינג און שעכט־הייזער | 872 | 1,367 |
| וואולענס | 1,990 | 1,311 |
| מאלץ פראדוקטען | 2,191 | 1,248 |
| סך הכל | 15,405 | 11,617 |

(זעה: סאציאלע קרעפטען אין דער אמעריקאנער געשיכטע, סיימאנס, זייט 310).

פון די דאזיגע ציפערן זעהען מיר, אז אין 1890 האט אמעריקע פארמאגט ארום פיר טויזענט פאבריקען ווייניגער ווי אין 1880, אבער דאס מיינט נישט, אז די פראדוקציע איז געווארען קלענער, אדער עס זיינען געווען ווייניגער ארבייטער, גראד פארקערט. די פראדוקציע איז אין 1890 געווען טאפעל ווי אין 1880 און די ארבייטס ארמיי האט זיך אויך כמעט פארדאפעלט, נאר א סך קליינע פאבריקען האבען זיך צונויפגעשמאלצען און געשאפען גרויסע פאבריקען.

אט די קאנצענטרירונג פון דער אינדוסטרי אין די פאראייניגטע שטאטען אין ריזיגע אונטערנעמונגען און פאבריקען האט געבראכט מיט זיך די צונויפזאמלונג פון גרויסע ארבייטער ארמייען אין יעדער אינדוסטרי.

אט אזוי איז די צאל פון פאבריק ארבייטער אין יאהר 1880 געווען 2,732,595 (צוויי מיליאן, זיבען הונדערט צוויי און דרייסיג טויזענט און פינף הונדערט פינף און נייציג ארבייטער), אבער אין צען יאר שפעטער, אין 1890, איז שוין די צאל פון די פאבריק ארבייטער געווען העכער פון פיר און א פערטעל מיליאן.

אויף ווי ווייט דער אמעריקאנער קאפיטאליזם האט אין די צען יאר, פון 1880 ביז 1890, געמאכט א ריזיגען פארטשריט און אריבערגעיאגט דעם אייראפייאישען קאפיטאליזם, באווייזען די פאלגענדע ציפערן:

דער באטרעף פון דער אינדוסטרי אין 1890 איז אין ענגלאנד געווען פיר ביליאן 350 מיליאן דאלער; אין פראנקרייך — דריי ביליאן דאלער; אין דייטשלאנד — דריי און א האלב ביליאן דאלער, און אין די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע האט דער באטרעף פון דער אינדוסטריע אין יענעם יאר באטראפען נאהענט פון צען ביליאן דאלער. אין אנדערע ווערטער: די אינדוסטריע אין די פאראייניגטע שטאטען האט אין יאר 1890 באטראפען כמעט אזוי פיל ווי ענגלאנד, פראנקרייך און דייטשלאנד צוזאמענגענומען.

דערצו איז אין די יארען פון 1880 ביז 1890 פארגעקומען א גרויסע איינוואנדערונג אין די פאראייניגטע שטאטען. עס איז גענוג צו זאגען, אז אין די צען יאר האבען נאהענט פון פינף מיליאן דייטשען איינגעוואנדערט אין די פאראייניגטע שטאטען.

דער ארבייטער קלאס האט זיך גענומען ארגאניזירען אין שטארקע יוניאנס. די דעמאלטדיגע „נייטס או לייבאר" האט אין 1886 געהאט נאהענט פון זיבען הונדערט טויזענט מיטגלידער און די „פעדערײשאן או ארגאנייזד טריידס ענד לייבאר יוניאנס או אמעריקא ענד קענעדע", וועלכע איז געגרינדעט געווארען אין 1881 אין פיטסבורג אויף א צוזאמענפאר, האט אויך געמאכט גרויס פארטשריט און פראגרעס אויף דעם געביט פון ארגאניזירען די ארבייטער אין יוניאנס.

אט אזוי האט די „אמעריקאן פעדערײשאן או לייבאר" אין יאר 1882 געהאט בלויז פופציג טויזענט מיטגלידער, אבער אין יאר 1890 איז די צאל מיטגלידער פון דער אמעריקאן פעדערײשאן או לייבאר אויסגעוואקסען נאהענט צו אכט הונדערט טויזענט מיטגלידער.

דערביי איז כאראקטעריסטיש צו דערמאנען, אז די ערשטע פרינציפען דערקלערונג פון דער אמעריקאן פעדערײשאן או לייבאר איז געווען א גאנץ ראדיקאלע און פראגרעסיווע. איינמגע היסטאריקער פון דער היגער ארבייטער באוועגונג זאגען אפילו, אז גאנצע פאראגראפען פון דעם קאמוניסטישען מאניפעסט, וואס איז געשריבען געווארען פון מארקס און ענגעלס, זיינען אריינגעשטעלט געווארען אין דער פרינציפען דערקלערונג פון דער אמעריקאן פעדערײשאן או לייבאר.

דער ערשטער פאראגראף פון דער פרינציפען דערקלערונג פון דער אמעריקאן פעדערײשאן או לייבאר האט זיך געלייענט:

„אזוי ווי א קאמף גייט אן אין די ציוויליזירטע פעלקער פון דער וועלט צווישען די אונטערדריקער און אונטערדריקטע אין אלע לענדער, א קאמף צווישען קאפיטאל און ארבייט, וואס מוז זיך אנטוויקלען אינטענסיווער פון יאר צו יאר און מוז ברענגען פארניכטענדע רעזולטאטען צו די ארבעטענדיגע מיליאנען פון אלע פעלקער, אויב זיי וועלען זיך נים פאראייניגען פאר געגענזייטיגער שוץ און פארבעסערונג".

דער ערשטער פאראגראף פון קאמוניסטישען מאניפעסט הויבט זיך אויך אן מיט די ווערטער:

„די געשיכטע פון דער מענשהייט איז א געשיכטע פון קלאסען קאמף, א קאמף צווישען די אונטערדריקער און אונטערדריקטע. א. אז. וו."

די פרינציפען דערקלערונג פון דער אמעריקאן פעדערײשאן או לייבאר האט אויך געהאט א פונקט, אז עס איז נויטווענדיג פאר די ארבייטער צו האבען זייערע אייגענע פארטרעטער אין די גיזעצגעבענדע קערפערשאפטען פון לאנד און אנדערע סאציאלע רעפארמען.

ווען די קאפיטאליסטען און מאנופעקטשורערס האבען זיך פאראייניגט אין גרויסע קארפאראציעס און אין טראסטען אין די יארען פון 1890 און האבען געהאט צו זייער דינסט ריזיגע קאפיטאלען און די רעגירונגס ארגאנען, האבען זיי נישט געקענט צוזעהן ווי די ארבייטער באוועגונג ווערט א כח און די ארבייטער ארגאניזירען זיך אין יוניאנס, און עס איז דעריבער געווען צו דערווארטען, אז עס וועט פארקומען א פארמעסטונג אין כוחות, א קאמף צווישען קאפיטאל און ארבייט. און עס האט טאקע לאנג נישט גענומען און אזא קאמף איז אויסגעבראכען.

פארגעקומען איז דער קאמף אין 1892 אין שטעטעל האומסטעד, פענסילווייניע. האומסטעד איז דעמאלט געווען א צענטער פון א שטאל פאבריק, וואס האט געהערט צו דער בארימטער קארנעגי שטאל קאמפאני. אין יולי 1892 האט דער דעמאלסטדיגער שותף און פארוואלטער פון דער פאבריק, פריק, א גוט באקאנטער יוניאן־פרעסער, געמאלדען, אז ער גייט שניידען די שכירות פון די ארבייטער אויף פופצען פראצענט. די ארבייטער האבען זיך אנטזאגט אנצונעמען דעם אנבאט פון פריק'ן. האט די קאמפאני געמאכט א לאק־אוט און ארויסגעווארפען די ארבייטער, וואס איז באשטאנען פון ארום צען טויזענט מענשען, אין גאס. די ארבייטער האבען דערקלערט א סטרייק און האבען גלייך פון אנהויב ארגאניזירט א וואך, סיי ארום דער פאבריק, סיי ארום די ברעגעס פון שטעדטעל, כדי מען זאל נישט אימפארטירען קיין סקעבס. דעם 3טען יולי האט די קאמפאני געפאדערט, אז די וואך פון די ארבייטער ארום דער פאבריק זאל צוגענומען ווערען, ווייל מען דארף כלומרשט רעמאנטירען די פאבריק, אבער די ארבייטער האבען זיך נישט געלאזט אריינגנארען אין זאק אריין, נאר האבען נאך מער פארשטארקט די וואך.

דעם 4טען יולי, אין דער פרי, האט די ארבייטער וואך באמערקט ווי אויף א דאמף־שיף, וואס האט געשלעפט בארדזשעס, געפינען זיך ארום דריי הונדערט באוואפענטע דעטעקטיווס. מען האט גלייך וועגען דעם געלאזט וויסען אלע ארבייטער פון שטאדט.

בליץ שנעל האט זיך אויפ'ן ברעג טייך צונויפגעזאמעלט כמעט דאס גאנצע שטעדטעל. יונג און אלט, מענער און פרויען. די דעטעקטיווס האבען די ערשטע אנגעהויבען שיסען אויפ'ן פארזאמעלטען עולם. די ארבייטער האבען מיט דובינעס, אייזענס, שטיינער און רעוואלווערען געגעבען א שטארקען ווידערשטאנד די געדונגענע דעטעקטיווס.

דערצו האבען א גרויסע צאל שטאל ארבייטער פון

---

האט אין אים אויפגעוואכט און ער האט באשלאסען, אז וואס עס זאל נים זיין וועט ער מער זיך נים לאזען טרעטען פון אים!

***

אריינקומענדיג אין שאפ האט אים דער באלעבאס באגעגענט ווי גארנישט וואלט נעכטען צווישען זיי פארגעקומען. דזשייק האט זיך געמאכט ווי נים זעענדיג.

דזשייק האט זיך אויסגעטאן דאס רעקעל, אוועקגעזעצט זיך ביים מאשין און גענומען צונויפלייגען די צוווארפענע טיילען פון דעם „באנדעל" ארבייט. עס איז געווען א פערטעל נאך אכט אין דערפרי, א פערטעל שעה ביז מ'וועט עפענען די עלעקטרי.

און ווען די מאשינען האבען זיך צעזונגען, און נאקעטע ארעמס האבען זיך צעיאגט, און ווען די אויגען און געדאנקען זיינען געווען אריינגעטאן אין דער ארבייט, איז מיט קעצישע טריט צוגעקומען א קורצע און פעטע פיגור און האט זיך אפגעשטעלט הינטער דזשייק'ס פלייצעס, אינסטינקטיוו האט דזשייק דערפילט דעם באלעבאס אויגען בריען אים.

—דזשייק — האט ער דערהערט דעם באלעבאס סאפענדיגען קול — דזשייק, איך בין געקומען ביי דיר אויפמאנען א גוט מארגען.

דזשייק איז געבליבען אין א פארלעגענהייט און האט נים געקענט באשליסען ווי אזוי צו האנדלען, ווערליג ער האט נעכטען געפלאנעוועט האט ער איצט א געלעגענהייט אים אזוי ארייצוזאגען, אז ער זאל פארזאגען א צענטען מיט אים זיך אנצוזאגען, אבער גייפאנג אן א קריג מיט איינעם ווען יענער קומט מאנען א גוט מארגען...

— היינטיגע צייטען — רעדט דער באס הינטער דזשייק'ס פלייצע, איז נאר אן ארבייטער צו זיין, אז מ'רעדט אויס צו אן ארבייטער אווארט אויף א העכערען טאן איז עק וועלט; עס איז „ביזנעס", און ביזנעס איז נים גוט, איז מען אויפגערעגט. דו וועסט מיר גלויבען דזשייק, אז איך דערלייג א האלבען דאלאר צו יעדער גארמענט פון די „סלאוע־הענט". פרעג איך דיר, וואס זאל איך טאן? בעטען ביים „באיער" א העכערען פרייז? און די ארבייטער האבען א יוניאן, מיט יוניאן פרייזען, איז מען אויפגערעגט!...

איצט איז ביי דזשייק'ן דער פריערדיגער כעס אין גאנצען פארשוואונדען. ער האט זיך פארטראכט: נאך אלעמען איז דער באס אן אויפגערעגטער אבער נים קיין שלעכטער מענש. טאקע ווער האט דעם באס געצוואונגען ער זאל זיך פאר אים. פאר דזשייק'ן קומען זיך פארענטפערען? און אויסדרייענדיג מיט'ן פנים צום באלעבאס האט דזשייק מיט א נארישען שמייכעל געזאגט:

— ווער איז ברוגז אויף אייך? אויב איך האב פארגעסען היינט אפגעבען א גוט מארגען, וועל איך מארגען אייך זאגען צוויי מאל גוט מארגען.

— זעסטו דזשייק דאס געפעלט מיר זייער — האט דער באס צו אים געזאגט מיט א לאקריץ־זיסען שמייכעלע — איך האב דיר אלע מאל געהאלטען פאר אן ארענטליכען מענש, וואס גייט אריין אין דעם צווייטענס לאגע. איך שווער דיר דזשייק, אז איך דערלייג די העמד צו די ביזנעס. פינף און זיבעציג סענט דערלייג איך צו יעדען גארמענט פון די סלאווע הענט און קיין גביר איז מען ניט, דארף מען אריינגיין אין מיין לאגע...

שענערן און העכערן גראַד לעבן געהט אָן, אָבער ווייס ניט אַזוי ראַשיג ווי עס וואָלט זיך אונז געוואָלט.

און דאָ האָט זיך ווידער אַרויסגעכאַפּט מיט אַ באַמערקונג אונזער ווינקעל סאַטיריקער:

— ווי איך פאַרשטעה, האָט אונזער פאָרעדנער פּיל געדולד און ער קען וואַרטען אויף דער לאַנגזאַמער אַנטוויקלונג. אָבער וואָס זאָלען טאָן די דרייצעהן מיליאָן אַרבייטסלאָזע אין אונזער לאַנד? זיי האָבען ניט קיין געדולד צו וואַרטען! וואָס זאָלען טאָן די גרויסע מיליאָנען מאַסען אין אייראָפּאַ, וואָס אַחוץ הונגער, נויט און עלענד ווערען זיי נאָך געהאַלטען אין דער ערגסטער שקלאַפעריי, וואָס דערמאָנט אָן די פינסטערסטע צייטען פון דער מענשליכער געשיכטע? איז עס ניט גרויזאַם צוצורופען צו די נויט־ליידענדע: וואַרט, זייט געדולדיג. עס וועט זיך אַלעס איבערדרעהען?

און ווידער איז איינגעטראָטען אַ פויזע, אַזוי ווי יעדער וואָלט פאַרשטאַנען אַז גראַד אונזער ווינקעל־סאַטיריקער האָט געשטעלט אַ גאָר צו שווערע פראַגע וואָס לאָזט זיך ניט אַזוי לייכט פאַרענטפערען.

און אָט באַנוצענדיג זיך מיט דער איינגעטראָטענער שטילקייט, האָט די קאָמוניסטקע גאָר אויף דאָס ניי אויפגעלעבט און אויף איהר העכסטער אָקטאַווע האָט זי זיך צושריען:

— דאָס זאָגען מיר דאָך, אַז די וועלכע ריידען פון געדולד, פון לאַנגזאַמען פאָרשריט, זיינען אימער אָפּגעריסען פון די גרויסע מאַסען, ווייסען גאָרניט פון זייערע ליידען און צרות און האָבען דערפאַר קיין פאַרשטענדניש פאַר זייערע קאַמפען. מעהר נאָך, זיי זיינען אַזוי שטאָקבלינד, דאָס זיי פאַרדאַמען נאָך די מאַסען ווען זיי שטעלען זיך אין קאַמף. צו וואָס די אַלע קעמפע, זאָגען זיי, אַז איהר קענט גאָרניט אויספיהרען און מאַכט נאָך אפשר די לאַגע פיל ערגער? אָט צו וואָס עס פיהרט די גרויזאַמע פילאָזאָפיע פון וואַרטען און געדולד.

— אַלזאָ, ניט וואַרטען! — האָט זיך אָנגערופען אונזער פאַרזיצענדער. — וואָס זשע דען טאָן? רופען די מאַסען צו אַ רעוואָלוציע? וואָלט עס אָבער ניט געווען מיליאָנען מאָל גרויזאַמער, ווי זיי צו וואָרנען צו האָבען געדולד? פאַרגעסט ניט, אַז צו רופען די מאַסען צו אַ רעוואָלוציע, ווען זיי זיינען מיט היילע הענט, ווען מיט איין קאַנאָנע קען מען אויסשיסען טויזענטער און טויזענטער, מיינט פשוט זיי צו פיהרען אויף אַ זיכערען טויט, איז דאָס ניט די שרעקליכסטע, בלוטיגסטע פּראָוואָקאַציע? און וואָלטען כאָטש די מאַסען געווען פּסיכאָלאָגיש רייף פאַר אַ רעוואָלוציע, וואָלט מען שוין אפשר געקענט טראַכטען, אַז עטוואָס גוטעס קען אַרויסקומען פון אַזאַ האָלסייל הריגה, אָבער אויך דאָס איז ניט דער פאַל, טו ווי קען מען גאָר ריידען פון אַ רעוואָלוציע?

— מר. פאַרזיצער, איך מוז אייך אונטערברעכען, אָבער דער פאַקט איז דאָס קיינער טראַכט שוין גאָר ניט פון אַ רעוואָלוציע. אַפילו אונזערע קאָמוניסטען האָבען זיך בפרהסיא אָפּגעזאָגט דערפון. פּרעזידענט רוזוועלט איז זייער גאַנצע האָפענונג. אַפילו פון זייער באַרימטען קלאַסען־קאַמף האָבען זיי זיך אָפּגעזאָגט, טו איז דאָך איבעריג צו ריידען פון אַ רעוואָלוציע.

— אויב אַזוי, — האָט געענטפערט דער פאַרזיצענדער, — זיינען דאָך אויך די קאָמוניסטען געקומען צום שכל, און זיי האָבען מיין יישר כח! אָבער איך צווייפעל דאָך גאַנץ שטאַרק אויב זיי זיינען טאַקע געקומען צום שכל, אויב זיי האָבען ניט אַזאַ מין אינסטרוקציע פון מאָסקווע צו ווערען גוט און פרום. אונזער קאָמוניסטקע האָט אין אַ געוויסען זאַץ פון איהר רעדע ערקלערט, אַז כדי צו ראַטעווען די וועלט פון דעם שרעקליכען צושטאַנד, אין וועלכען זי געפינט זיך, מוזען אַלע סאָלדאַטען, אַלע קעמפער ווערען ראָבאָטס און אויטאָמאַטען און פאָלגען דעם איינציגען אַלוויסענדען דיקטאַטאָר. אַנדערש וועט די וועלט נאָך אַלץ בלייבען אַ גרויסער חורבן. מוז איך אייך זאָגען, פריינד, אַז דאָס איז אַ גאָר שפּאָגעל־נייע טעאָריע. ביז איצט האָט די וועלט געדענקט, אַז וואָס געבילדעטער, מעהר דענקער דער מענש וועט ווערען, אַלץ מעהר און מעהר וועט די וועלט זיך באַפרייען פון אַלע איהרע צרות און שרעק; אַלץ וועניגער וועלען די עקספּלואָטאַטאָרס און די פאַרשיידענע פאָלקס־שווינדלער און באַטריגער קענען אויספיהרען זייערע מעשים תעתועים, און די נייסטע קאָמוניסטישע טעאָריע איז גאָר, אַז וואָס נאַרישער, וועניגער דענקונגס־קראַפט די מאַסען וועלען באַנוצען און נאָכגעהן ווי בלינדע שעפּסען נאָך זייער פאַסטוך, אַלץ גיכער וועט קומען די הילף. אָבער דאָס איז נאָר אַגב אורחא. איך האָב זיך אַ ביסעל אָפּגעקערט פון דער טעמא רעוואָלוציע. און מיר דאַכט זיך, אַז עס איז קלאָר פאַר אונז, דאָס וועניגער ווי אַלץ קען אונז איצט העלפען רעוואָלוציע, און באַזאָנדערס אַזאַ רעוואָלוציע ווי מיר האָבען איהר געזעהן אין רוסלאַנד.

עס איז שוין געוואָרען גאַנץ שפּעט. אונזער באָהן האָט זיך שוין דערנענטערט צו די ברעגען פון לאַנד. פילע מענשען האָבען זיך שוין געהאַלטען אין פּאַקען און מיר האָבען געפיהלט אַז, צי מיר ווילען צי ניט, עס מוז נעמען אַ סוף צו אונזער שמועס. אָבער זאָל עס דאָ געזאָגט ווערען, אַז קיינער פון די מיטשמועסער האָט זיך ניט געפיהלט שטאַרק צופרידען מיט די רעזולטאַטען. אויפן צונג פון יעדען איינעם איז געווען די גרויסע פראַגע: וואָס איז דאָך צו טאָן?

ווי עס זעהט אויס, האָט דער פאַרזיצער דאָס אויך שטאַרק געפיהלט און ער האָט געשלאָסען אונזער שמועס מיט פאָלגענדע ווערטער:

— קיינער פון אונז דאַרף זיך ניט פיהלען שלעכט, וואָס ער האָט פון אונזער שמועס גאָרניט פּאָזיטיוועס אַרויסגעטראָגען. וואו, אין דער גאַנצער וועלט, איז דאָ אַזאַ חכם, וואָס זאָל קענען זאָגען עטוואָס קלאָרעס, באַשטימטעס אין דער איצטיגער דור הפלגה־צייט, ווען איינער פאַרשטעהט ניט דעם אַנדערען אַפילו ווען ער געהערט מיט איהם אין איין פּאַרטיי, צו איין סאָציאַלער ריכטונג. אַ שרעקליכע מחות־צומישעניש איבעראַל, און האָבען מיר דען געקענט ערוואַרטען, אַז גראַד מיט אונזער שמועס וועלען מיר קענען פאַרענטפערען די טויזענט און איין פראַגען, וועלכע פייניגען די מוחות פון דער מענשהייט איבער דער גאַנצער וועלט? אַמאָל איז געווען גרינג צו זיין אַ נביא, אָבער איהר האָט געקענט פאָראויסזעהן דאָס קומענדע פאַר אַ לאַנגען משך פון יאָרען. איצט קענט איהר קוים פאָראויסזעהן, וואָס דער מאָרגענדיגער טאָג וועט ברענגען. איהר קענט ניט זאָגען מיט באַשטימטהייט, פון וואַנען ענדליך וועט קומען די הילף; ווער איז עס, און וואָס וועט זיין די קראַפט, וואָס וועט פריהער אָדער שפּעטער אַרויסשלעפּען אונז פון דער איצטיגער לאַגע, וועלכע, ווי עס ווערט אַלגעמיין צוגעגעבען, איז אונערטרעגליך.

נון, לויט אַלע סמנים דוכט זיך מיר, אַז גאָר אַ גרויסע ראָליע אין דעם קומענדיגען רענעסאַנס איז באַשערט צו שפּילען דעם גרויסען אַרבייטער־קלאַס, וועלכער האָט אין די לעצטע פאַר יאָר געמאַכט ריזען־שריט סיי אין זיין באַוואוסטזיניגקייט, סיי אין זיין סאָלידאַריטעט. אמת, אויך די אַרבייטער־באַוועגונג איז מאָמענטאַן צוריסען און צושפּאָלטען. אָבער מען דאַרף האָפען, אַז לאַנג קען דער צושטאַנד ניט אָנהאַלטען. דאָס וואָלט דאָך געמיינט פשוט'ער זעלבסטמאָרד פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג, און וועה וועט זיין צו די, וועלכע טרייען אָנצוהאַלטען אָט די צוריסענקייט צוליב זייערע פּערזענליכע אַמביציעס.

פון דער אַנדערר זייט זעה איך אַ נייע קראַפט, וואָס האַלט אין וואַקסען, און דאָס איז דער קליינער ביזנעסמאַן, דער קליינער מאַנופעקטשורער, וועלכער האָט אויך גאָר שטאַרקע טענות צו דער אָרדנונג ווי זי איז. ווען אָט די צוויי גרויסע כחות וועלען זיך פאַראייניגען, קען זיין, אַז „גאַנץ נייער לעבען וועט אַרויסשפּראָצען פון די רואינען". דאָס וואָס איך האָב געזאָגט איז אָנווענדבאַר ניט נאָר אויף אַמעריקאַ נאָר אויף דער גאַנצער וועלט. נו, פריינד, זייט געזונט. עס איז געווען אַ פאַרגעניגען זיך צו באַקענען מיט אייך. לאָמיר זיך געזעגענען אין דעם געפיהל פון פריינדשאַפט, און, ווער ווייס, אפשר וועלען מיר נאָך אַמאָל זיך צונויפטרעפען און ווידער אויפנעמען אונזער שמועס.

---

# דער יורד

(סקיצע)

פון יהושע גרינבערג.

דזשייק איז פון שאַפּ אהיים געקומען אַ דערצאָרענטער, אַ דערנידעריגטער. יענעם אָוועט האָט ער קיין סאַפּער ניט געגעסען, לפנים וועגען האָט ער זיך ביים טיש אָוועקגעזעצט, געזאָגט האָט ער, אַז ער ליידט פון קאָפּ ווייטאָג כדי זיין ווייב און קינדער זאָלען זיך ניט אָנשטויסען, אַז עפּעס האָט מיט אים אין שאַפּ פּאַסירט.

פאַר זיינע אויגען שוועבט דעם באָלעבאָס אָנגעצונדענער פּנים, די באַקען זיינען פון אויפרעגונג נאָך מער אויפגעבלאָזען ווי תמיד. סאָפּעט ווי ער וואָלט אַ שווערע משא אויף זיך געטראָגען און וואַרפט אים אַ גאַרמענט אין פּנים אַריין:

— איר קענט זיך מיט'ן גאַרמענט האַלטען, איך קען דאָס ניט נוצען!

— וואָס איז דער מער מיט'ן גאַרמענט? — האָט דזשייק געפּרוּווט אַרויסגעפינען.

— אַ גאַרמענט איז דאָס ביי אייך?! אַ זאַק ווערט שענער אויפגענייט — האָט דער באָס זיך מיט אים געריצט — איר זייט שוין צו אַלט צו אַרבייטען אין אַ שאָפּ. אַזעלכע ווי איר דאַרפען זיך געפינען אין אַ מושב זקנים און לאָזען אינגערע אָפּרייטאָרס אַרבייטען, די וואָס קענען מאַכען אַ טאָג אַרבייט.

דזשייק איז אין אָנפאַנג פון די פופציגער, די פינף און דרייסיק יאָר, וואָס ער אַרבייט ביים מאַשין, האָבען איבערגעלאָזט אויף אים טיפע סימנים. זיינע האָר זיינען גרוי, דער פּנים געראונצעלט, די הענט זיינע באַוועגען זיך שוין ניט אַזוי פלינק ווי פריער, עפּעס פילט ער אַ שוואַכקייט אין די פינגער, זיי ציטערען אין דער אַרבייט.

פינף און דרייסיק יאָר לעבען אָוועקגעגעבען אין די שעפּער, תמיד געאַרבייט ביים בעסערען סאָרט אַרבייט, אַ לאַנגע צייט געאַרבייט ביי „סעמפּעלס" און די בעלי בתים און פאָרלייט פלעגען זיך צאַצקען מיט זיין אַרבעט.

ער דערמאָנט זיך ווי דער פאָרמאַן פון דער „פיין סטאַיל גאַרמענט", איז איינמאָל אַרומגעלאָפען אַרום די מאַשינען און געמאָנט פון די אָפּרייטאָרס:

— אָט אַזוי וויל איך האָבען אַרויפגעשטעפּט די באַנד. די שפּיצען פון „שייפּ" זאָלען זיין שפּיצען ווי אין דעם „סעמפּעל". וואָס איז דער מער האָט יאַנקעל, ווי ער פלעגט אים רופען — אַנדערע הענט ווי אייערע?!

און דזשייק האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין מאַשין און האָט פון דעם ערשטען ביז דעם לעצטען אָפּרייטאָר געציגט ווי אַזוי אַרויפצושטעפּען די באַנד.

דזשייק פאַרשטייט, אַז דעם באָלעבאָס געשריי נעמט זיך ניט דערפון, וואָס דער גאַרמענט איז שלעכט אויפגענייט, נאָר דערפון, וואָס ער שיסט ניט אַריין קיין טאָג אַרבייט ווי די „שיסערס"...

איצט פאַרדריסט דאָס אים זייער. פאַרוואָס ער האָט דעם באָס פאַרשוויגען. באַדאַרפט האָט ער דעם גאַרמענט אין דעם באָלעבאָס אָפּגעפרעסענעם פּנים צוריק וואַרפען. וואָס דיינקט ער, אַז ער איז עפּעס אַ אינגעל? ווער איז ער מאַריס דער „שיפּינג־באָי", וואָס פאַר פופצען דאָלאַר אַ וואָך יאָגט ער אים אַרויס פון די כחות אַרבייטענדיג? און אין געדאַנק באַשליסט ער, אַז מאָרגען, וואָס עס זאָל ניט פאָרקומען אין שאָפּ וועט ער דעם באָס וויזען „ווער עלטער איז"!

דער געדאַנק, אַז ער וועט זיך אָפּרעכענען מיט דעם באָס פאַר דאָס פאַרצאָפּטע בלוט האָט אים אַביסעל באַרוהיגט, און אין געדאַנק האָט ער אפילו שוין געהאַט די ווערטער, וואָס וועלען מאַכען, אַז דעם באָלעבאָס בלוט זאָל אים אַריין אין פּנים.

אויף מאָרגען אין דער פרי, אַז דזשייק איז פון בעט אַרויס איז אים באַלד אין געדאַנק אַרויפגעקומען דער נעכטיגער אינצידענט מיט'ן באָס. גאָר מאָדנע, איצט האָט ער רוהיגער גענומען טראַכטען וואָרום ער האָט די גאַנצע געשעעניש גענומען אַזוי ערנסט.

דזשייק האָט איילענדיג זיך אָנגעטאָן, עפּעס צו געביסען, און איז צו דער אַרבעט אָוועקגעגאַנגען.

אויפ'ן וועג האָט ער שוין דערפון אין גאַנצען ניט געטראַכט, געטראַכט האָט ער איצט פון דעם קאָמפּליצירטען אַרבעל פון דעם נייעם „גאַרמענט", און אין מח האָט ער „געאינזשענירעוועט" ווי אַזוי די אַרבעל אַריינצושטעלען, אַז די שפּיצען זאָלען ניט ווערען אויסגעצויגען — — — נאָר באַלד האָט ער גענומען טראַכטען: וואָס איז געוואָרען מיט אים? וואָרום שרעקט ער זיך פאַר אַ נייעם „סטייל"? און קיין אַנדער סיבה האָט ער ניט געקענט געפינען, אַז דאָס איז דעם באָלעבאָס שולד, וואָס האָט אים אַזוי „באַאַרבייט", אַז ער האָט פאַרלוירען דעם צוטרויען צו זיך, און ווידער האָט אין אים זיין באַליידיגטער שטאָלץ דערוואַכט. עפּעס

# דער קריזיס און די לאגע פון די ארבעטער מאסען

פון פראפעסאר א. דוביצקי

עס איז ניט אינגאנצען צופעליג, וואס די אויסערגעווייגליך אנגעשטרענגטע אינטערנאציאנאלע לאגע אין דעם איצטיגען מאמענט פאלט צונויף מיט א פעריאד פון א נייעם עקאנאמישען וועלט־קריזיס. דער נסיון צו לייזען דורך א נייער מלחמה די אנגעווייטיגטע עקאנאמישע פראבלעמען איז שטענדיג גרויס. באזונדערס אין דער איצטיגער צייט און באזונדערס אין די פאשיסטישע לענדער..

עס איז אבער אויך באשייפערלאך קלאר, וואס פאר א געפאר עס שטעקט אין דעם דאזיגען טייפעלשען שפיל. דאס קען אבער ניט זיין קיין צוריקהאלט. וואס שארפער עס וואקסט דער קריזיס, אלץ בולט'ער וואקסט די געפאר פון א נייער וועלט־מלחמה.

---

און ווי שטייט עס מיט דעם קריזיס?

מיר זיינען, פארשטייט זיך, פריער פון אלץ פאראינטערעסירט, ווי עס שטייט מיט דעם קריזיס ביי אונז אין אמעריקע.

נאך מער. מיר זיינען פריער פון אלץ פאראינטערעסירט אין דעם גורל פון דער אינדוסטריע, אין וועלכער יעטווידער איז אליין באשעפטיגט.

זיינען אבער אלע אינדוסטריען פון לאנד ענג פארבונדען איינע מיט די אנדערע. און ניט נאר זיינען אלע אינדוסטריען פון איין לאנד פארבונדען איינע מיט דער אנדערער, נאר דאס זעלבע איז שייך אויך צו באזונדערע לענדער.

אלע לענדער פון גאר דער וועלט זיינען ארגאניש פארבונדען און עקאנאמיש ענג צונויפגעפלאכטען. א קריזיס רירט אן אלע לענדער, א קריזיס רירט אן די גאנצע וועלט.

---

דערפאר, אום צו פארשטיין א קריזיס אין איין לאנד, אום צו פארשטיין אן אייגענעם קריזיס, איז נויטיג זיך צו באקענען מיט דעם, ווי אזוי דער קריזיס ווירקט אין גאר דער וועלט. דאס איז באזונדערס וויכטיג, אום דערפאלגרייך אפצושלאגען אלע פארזוכען אריבערצואווארפען די גאנצע משא פון קריזיס אויף די פלייצעס פון די ארבייטער מאסען.

די עקאנאמישע טענדענצען, וואס רופען ארויס א קריזיס, ווירקען גלייך אין גאר דער וועלט. די מיטלען און רפואות פון אלע עקאנאמישע עקספערטען, פון אלע דאקטוירים אין הלכות עקאנאמיק, זיינען ענלאך אין גאר דער וועלט ווי צוויי טראפען וואסער.

און וואס פאר א ממש רירענדע הארמאניע עס הערשט איבער גאר דער וועלט צווישען די ווייט ניט הארמאנישע קלאסען, אין דער פראגע וועגען לייזען די פאלגען פון עקאנאמישען קריזיס אויפ'ן חשבון פון די ברייטע ארבייטענדע מאסען!

---

פריער פון אלץ, מיט וואס אונטערשיידעט זיך דער איצטיגער קריזיס פון קריזיס אין יאר 1929? דער איצטיגער קריזיס האט זיך אנגעהויבען אין א צייט, ווען אין יעדען לאנד און אין גאר דער וועלט האט שוין עקזיסטירט אן ארבייטסלאזיגקייט — און א געוואלטיג גרויסע ארבייטסלאזיגקייט. באזונדערס שארף שפיגעלט זיך אפ דער דאזיקער אונטערשייד ביי אונז אין אמעריקע. לויט די ציפערען פון דער אמעריקען פעדערייששאן אוו לייבאר זיינען אין די פאראייניגטע שטאטען אין סעפטעמבער 1929 געווען אינגאנצען 614 טויזענד ארבייטסלאזע, אין דער צייט וואס אין אויגוסט 1937 האט די צאל ארבייטסלאזע דערגרייכט 8 מיליאן מיט 552 טויזענד. (די דאזיגע ציפערען זיינען ווייט ניט פולשטענדיג). דאס הייסט, אז אין יאר 1929 האט די צאל באשעפטיגטע ארבייטער דערגרייכט די העכסטע שטופע, וואס איז מעגלאך אונטער קאפיטאליסטישע באדינגונגען, וואו עס הערשט שטענדיג אן ארבייטסלאזע רעזערוו־ארמיי. אבער אין יאר 1937, ניט קוקענדיג, וואס די אינדוסטריעלע פראדוקציע האט דערגרייכט כמעט דעם הויך פון יאהר 1929, זיינען א סך מיליאנען ארבייטער פארבליבען ארבייטסלאז.

דאס זעלבע בילד, אויב אפילו ניט אזוי שארף, זעען מיר אויך אין אנדערע לענדער.

אין א צאל לענדער, וואו די אינדוסטריעלע פראדוקציע האט אפילו איבערגעשטיגען די הויך פון יאר 1929, זיינען אלץ פארבליבען א גרויסע צאל ארבייטסלאזע.

אזוי, למשל, אין ענגלאנד, וואו די אינדוסטריעלע פראדוקציע האט אין יאר 1936 איבערגעשטיגען די פראדוקציע פון יאר 1929 מיט 16 פראצענט, זיינען צו דערזעלבער צייט פארבליבען איין מיליאן און 498 טויזענט ארבייטסלאזע. אין יאפאן — א פארגרעסערטע פראדוקציע מיט 51 פראצענט און דאך ארבייטסלאזע 338 טויזענט. דייטשלאנד — פארגרעסערטע פראדוקציע 6 פראצענט — ארבייטסלאזע איין מיליאן 598 טויזענט. דאס גלייכען אין א ריי אנדערע לענדער. דערביי מוז מען באמערקען, אז די צאל ארבייטסלאזע, אנגעגעבען לויט דעם מאנאטליכען ביולעטין פון דער ליג אוו ניישאנס איז ווייט ניט פולשטענדיג. באזונדערס פאר דייטשלאנד.

און נאך אן אונטערשייד מיט דעם קריזיס פון יאר 1929. עס איז פרי פאראויסצוזאגען ווי לאנג דער איצטיגער קריזיס וועט אנהאלטען. עס איז אבער שוין איצט קלאר, אז דאס פאלען פון דער פראדוקציע גייט אן מיט א פיל גיכערען טעמפא, ווי אין משך פון דעם קריזיס אין יאר 1929.

עס איז געווען גענוג 7 חדשים אין דעם איצטיגען קריזיס, אז די פראדוקציע זאל פאלען אזוי נידעריג ווי אין 18 חדשים אין קריזיס פון 1929.

---

די ארימקייט פון די מאסען איז איצט גרעסער, ווי אין אנהויב פון דעם פריערדיגען קריזיס.

יארען פון דעפרעסיע און טיילוויזער „פראספעריטי" האבען פארקלענערט די אלגעמיינע קויפקראפט, האבען פארקלענערט אדער אינגאנצען אויפגעגעסען די אפשפארונגען, האבען געטריבען מיליאנען אין די ארעמס פון רעליעף.

דער קורצער „פראספעריטי" פעריאד האט געהערט דעם יערלאכען איינקונפט פון די ארבייטענדיגע מאסען. ער איז אבער אלץ פארבליבען ווייט פון דער הויך פון דער צייט פאר 1929.

דער וויכטיגסטער פאקטאר, וואס פארקלענערט די קויפקראפט פון די מאסען, איז, פארשטייט זיך, די ארבייטסלאזיגקייט.

און די ארבייטסלאזיגקייט האלט אין וואקסען. סיי צוליב דעם פאלען פון דער פראדוקציע סיי צוליב דעם — וואוקס פון דער ארבייט — אינטענסיוויטעט און ארבייטער־פראדוקטיוויטעט. אזוי, לויט געוויסע אויסרעכענונגען, דערגרייכט אין דעם איצטיגען מאמענט די ארבייטסלאזיגקייט אין די פאראייניגטע שטאטען ביז אן ערך 15 מיליאן. דאס שאפט א פארכישופטען קרייז. דער אפזאץ־מארק פאר סחורות ווערט פארקלענערט און די דעפרעסיע ווערט שארפער.

---

די לאגע פון דער קאלאסאלער ארמיי פון די ארבייטסלאזע איז ערגער ווי אין דעם פריערדיגען קריזיס. אין מערערע לענדער זיינען די פארשיידענע פארמען פון הילף פאר ארבייטסלאזע געווארען שארף געשניטען שוין אין משך פון פריערדיגען קריזיס.

די געוואלדיגע באוואפנונגס־פראגראמען און די אויסערגעווייגליך גרויסע אויסגאבען, וואס זיינען מיט דעם פארבונדען, די גרויסע בודזשעט־דעפיציטען פון דער גרעסטער צאל לענדער פון גאר דער וועלט וועט שטארקען דעם ווידערשטאנד פון די הערשענדע קלאסען געגען יעדען פארזוך צו פארגרעסערן די אויסגאבען פאר ארבייטסלאזיגקייט־הילף.

די ארבייטסלאזיגקייט־הילף וועט נאך ווייניגער, ווי אין פריערדיגע קריזיסען קלעקען צו דערהאלטען די נשמה פון די ארבייטסלאזע.

---

אין פאריגען יארהונדערט פלעגט יעדער קריזיס דערגרייכען זיין נידעריגסטען פונקט אין משך פון אייניגע חדשים נאכדעם ווי ער האט זיך אנגעהויבען. די פעריאדע פון אויפשטייג, דער בום און פראספעריטי פלעגען פארנעמען א פארהעלטניסמעסיג פיל לענגערע צייט. אין דעם פעריאד פון פראספעריטי פלעגט דער וואוקס פון דער פראדוקציע גיך איבערשטייגען דעם העכסטען פונקט פון דער פריערדיגער פראספעריטי. דער איצטיגער קריזיס, פארקעס, האט זיך אנגעהויבען נאך אידער די פראדוקציע האט דערגרייכט דעם העכסטען פונקט פון דער פריערדיגער פראספעריטי.

די אינדוסטריעלע פראדוקציע:

| | אין אייראפע | אין די פאראייניגטע שטאטען |
|---|---|---|
| 1929 — — | 100,0 | 100,0 |
| 1930 — — | 85,8 | 80,7 |
| 1931 — — | 74,3 | 68,1 |
| 1932 — — | 62,6 | 53,8 |
| 1933 — — | 71,1 | 63,9 |
| 1934 — — | 77,0 | 66,4 |
| 1935 — — | 85,9 | 75,6 |
| 1936 — — | 96,2 | 88,1 |
| 1937 דורכשניט פאר 9 חדשים — | | 97,0 |

אזוי זעען מיר, אז די הויך פון דער פראדוקציע איז אין 1937 געווען דורכשניטליך נידעריגער ווי אין יאר 1929. דערצו, ווען מיר זאלען נאך האבען אין זינען, אז אין משך פון די 8 יאר איז פארגעקומען א געוויסער צואוואוקס פון דער באפעלקערונג און אז א פיל גרעסערער טייל פון דער פראדוקציע איז געגאנגען פאר באוואפנונג אין יאר 1937, ווי אין יאר 1929, דעמאלט איז קלאר, אז די מאס פראדוצירטע סחורות פער קאפ פון דער באפעלקערונג איז אין די דאזיגע לענדער אין יאר 1937 געווען קלענער ווי אין יאר 1929.

דאס הייסט, אז דער געוואלדיגער טעכנישער פראגרעס אין די לעצטע 8 יאר, די אנטוויקלונג פון דער פראדוקציע־כחות און פון דער ארבייטס־פראדוקטיוויטעט האט ניט ארויסגערופען קיין פארבעסערונג אין דער לאגע פון די ארבייטענדע מאסען. פארקערט, דער פארברויך פון די ברייטע מאסען איז נידעריגער ווי אין 1929. דאס הייסט, עס איז פארגעקומען א פארהעלטניסמעסיגע און אן אבסאלוטע פאראָרימונג פון די מאסען.

די ראל, וואס די קריגס־אינדוסטריע שפילט אין דעם איצטיגען מאמענט, איז פיל וויכטיגער ווי אן ערך 8 יאר צוריק — אין 1929. אזוי, למשל, האבען די אויסגאבען פאר די קריגס־צוגרייטונגען אין ענגלאנד אין יאר 1925 באשטאנען 3 פראצענט פון דעם נאציאנאלען איינקונפט אין פארגלייך מיט 6¼ פראצענט פון נאציאנאלען איינקונפט אין יאר 1937. דערביי איז אינטערעסאנט צו באמערקען, אז ערב דער וועלט־מלחמה אין יאר 1913 האבען די קריגס־צוגרייטונגען אין ענגלאנד באטראפען כמעט א העלפט ווי איצט — 3½ פראצענט פון דעם נאציאנאלען איינקונפט. אפילו, ווען מיר זאלען אננעמען, אז די דאזיגע ציפערן, לויט די ענגלישע אפיציעלע סטאטיסטישע קוואלען זיינען גענוי — פארשטייט זיך אז פאקטיש זיינען די אויסגאבען פיל גרעסער — קומט אויס, אז די פראדוקציע פון סחורות פאר'ן מאסען־געברויך זיינען פון 5 ביז 10 פראצענט קלענער ווי אין 1929.

דיזעלבע טענדענץ האבען מיר כמעט אין אלע לענדער פון גאר דער וועלט. און אין דער זעלבער צייט האט די באפעלקערונג פון דער וועלט, ניט קוקענדיג אויף דער פארקלענערטער געבורטס־רייט, זיך פארגרעסערט אין צענדליגער מיליאנען.

הייסט עס, אז דער מאטעריעלער רייכטום פער קאפ פון דער באפעלקערונג איז איצט קלענער ווי אין 1929.

און דאס רייכטום, וואס איז געשאפען, איז ניט צוגענגליך פאר די ארבייטענדע מאסען, צוליב דער נידעריגער קויפקראפט פון די ברייטע שיכטען פון דער באפעלקערונג איבער גאר דער וועלט.

---

דער נייער קריזיס פאלט צונויף מיט א מאמענט, ווען א פערטעל פון דער מענשהייט איז אין א צושטאנד פון קריג, ווען די פאשיסטישע לענדער ווייזען ארויס א געוואלדיגע אגרעסיוויטעט, ווען אין שפאניען פלאקערט א בירגער־קריג און ווען א נייע וועלט־מלחמה קען אויסברעכען יעדען טאג.

דער איינפלוס פון דעם נייעם קריזיס איבער דער סאציאלער און פאליטישער סיטואציע אין גאר דער וועלט און זיינע פאלגען וועלען זיין פיל מעכטיגער ווי די פאלגען פון קריזיס אין יאר 1929. דער נייער קריזיס וועט שטארקען די פאשיסטישע טענדענצען אין גאר דער וועלט און וועט באדראען די דערגרייכונגען פון ארבייטער קלאס אין די פארבליבענע דעמאקראטישע לענדער.

פיטסבורג, וועלכע האבען זיך דערוואוסט וועגען דעם קאמף פון זייערע ברידער אין האומסטעד מיט די דעטעקטיווס, געווארפען די ארבייט, זיך באוואפענט מיט אלערליי כלי־זין און געקומען העלפען זייערע ברידער אין קאמף. די דעטעקטיווס האבען זיך דערום געפונען צווישען צוויי פייערן.

א גאנצען טאג האט אנגעהאלטען דער קאמף צווישען דער מחנה דעטעקטיווס און די שטאל ארבייטער ביז די דעטעקטיווס האבען זיך אונטערגעגעבען און זיינען אונטער א שטארקער וואך אפגעפירט געווארען אין טורמע. אבער דער קאמף האט געקאסט זעהר פיל קרבנות. עלף ארבייטער זיינען געטויטעט געווארען און א סך זיינען פארוואונדעט געווארען. די ארבייטער פון דעם גאנצען לאנד זיינען געווען שטארק אויפגערעגט פון דער ברוטאלער האנדלונג פון דער שטאל קאמפאני.

נאך דער הריגה האט דער יונגער אנארכיסט, אלעקסאנדער בערקמאן, וואס איז געווען שטארק אונטער'ן איינפלוס פון דעמאלסטדיגען אנארכיסטישען אגיטאטאר י א ה א ן  מ א ס ט באשלאסען אליין צו נעמען ראכע פון דעם יוניאן־פרעסער פריק. אלעקסאנדער בערקמאן איז געקומען קיין האומסטעד און געבעטען צו האבען אן אונטעררעדונג מיט קארנעגי'ס שותף, פריק. אזוי ווי ער איז געווען שיין געקליידט און געמאכט א גוטען איינדרוק אויף פריק'ס באדינער, האט מען אים אריינגעלאזט צו פריק'ן. ווען בערקמאן איז אריינגעגאנגען אין פריק'ס צימער האט ער אויסגעשאסען אין פריק'ן און אים לייכט פארוואונדעט. בערקמאן איז פאראורטיילט געווארען צו 21 יאר טורמע.

אבער דער סטרייק וואס האט געדויערט פיר און א האלב חדשים איז פארלארען געגאנגען.

אין דעם זעלביגען יאר זיינען אויך פארגעקומען גרויסע סטרייקס פון די קוילען גרעבער אין איידעלאהא, טענעסי, און א סטרייק פון די באן סוויטש ארבייטער, אבער די אלע סטרייקס זיינען פארלארען געגאנגען הויפטזעכליך צוליב דעם, וואס די מאנופעקטשורערס און פאבריקאנטען זיינען שוין געווען פאראייניגט און געהאט צו זייער דינסט די באוואפענטע כחות פון דער רעגירונג, און די ארבייטער וואס זיינען געווען ארגאניזירט אין יוניאנס זיינען געווען איינגעטיילט אין פארשידענע לאקאלען און פאכען. ווען איין פאך האט געסטרייקט האבען די ארבייטער פון דעם צווייטען פאך פון דער זעלביגער אינדוסטרי נישט מיטגעסטרייקט.

פראפעסאר קאמאנס אין זיין געשיכטע פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג, שילדערט יענע עפאכע פון סטרייקס:

„אין 1892 איז די מיליציע איינגעשטעלט אין די פארשידענע קוילען שטעטלעך אין טענעסי. צוזאמענשטויסען מיט די ארבייטער זיינען בסדר פארגעקומען. די ארבייטער זיינען ווי ארעסטאנטען יעדען טאג געפירט געווארען פון די פורטס צו דער ארבייט און צוריק" (זעה: קאמאנס, „היסטארי אוו אמעריקאן לייבאר", זייט 490).

## צום ערשטן מאי

1938

### פון נחמיה קליין

און ווידער מארשירן מיר, ברידער,
צו מאכן די מענטשהייט פריי.
מיר זינגען די פרייהייט־לידער
פון אייביקן, ערשטן מאי.

מיר זייען, מיר נייען, מיר שאפן,
מיר בויען די וועלט אויפ'ס ניי.
מיר זיינען נישט מער ווי די שקלאפן
פון אלטן, ערשטן מאי.

די מארטירער פון העלדישע מאמן
וואס זיינען געוועזן אונז געטריי —
מיר וועלן זיי נישט פארגעסן!
מיר קעמפן פון מאי ביז מאי!

צו קאמעראדן פון אלע לענדער
אין שטרייט מיט באַרבאַריי —
מיט אייך אין אייזערנע בענדער
צום זיג פון ערשטן מאי!

און ווען אייערע לעבנס פארטייען
אין שלאכט מיט טיראַניי —
דאן פילן מיר אויס די ליידיקע רייען!
מיר שווערן ביים ערשטן מאי!

## דער קאמף פון די אייזענבאן ארבייטער אונטער דער אנפירונג פון יודזשין וו. דעבס

אין די יארען 1893—1894 האט זיך אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג באוויזען א נייער טיפ ארבייטער פירער — א פירער, וואס איז מיליטאנטיש, רעוואלוציאנער און איז פעהיג אויפצונעמען די נייע פראבלעמען וואס שווימען ארויף אין דער ארבייטער באוועגונג. א סך יוניאן פירער האבען שוין אויך דעמאלט געלערענט די לעקציע, אז די אפגעזונדערטקייט און צושפליטערונג פון פאך יוניאניזם איז נישט צוגעפאסט צו דער מאדערנער קאפיטאליסטישער סיסטעם, וואו דער גאנצער קאפיטאליסטישער קלאס איז שטארק פאראייניגט געגען די ארבייטער. עס האבען זיך געלאזט הערען אלץ העכער די שטימען, אז די ארבייטער דארפען זיך ארגאניזירען אויף אן אינדוסטריעלען אופן.

אין יאר 1893 איז אין דער קוילען אינדוסטרי ארגאניזירט געווארען די אינדוסטריעלע יוניאנס: די יונייטעד מיין ווארקערס און די וועסטערן פעדערײשאן אוו מיינערס און יודזשין וויקטאר דעבס, איינער פון די ליכטיגסטע פערזענליכקייטען אין דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג, האט ארגאניזירט איין יוניאן פאר אלע באן ארבייטער אונטער'ן נאמען „אמעריקען רעילוויס יוניאן" )אמעריקאנער אייזענבאן יוניאן).

יודזשין וו. דעבס איז נישט נאר געווען א ברילִיאנטענער ארבייטער־אגיטאטאר נאר איז אויך געווען א זעלטען פעהיגער ארגאנייזער און איז געווען מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען דער ארבייטער באוועגונג. עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואס די אמעריקאן רעילוויס יוניאן האט אין איין יאר צייט באוויזען צו ארגאניזירען ארום הונדערט און פופציג טויזענט באן ארבייטער אין 465 לאקאלען. יודזשין דעבס איז אין אנהויב געווען דער סעקרעטאר פון דער יוניאן און שפעטער דער פרעזידענט און דער אנפירער פון דער יוניאן.

דעם 11־טען מאי 1894 האבען די ארבייטער פון פולמאן קאר קאמפאני ארויס אין סטרייק. די פולמאן ארבייטער זיינען געווען אנגעשלאסען אין דער אמעריקאן רעילוויס יוניאן. ווען דער סטרייק פון די פולמאן ארבייטער האט זיך פארצויגען, האט די יוניאן באשלאסען צו דערקלערען א באיקאט אויף די פולמאן וואגאנען. דער באשלוס האט געדארפט דורכגעפירט ווערען דעם 26־טען יוני. די ארבייטער האבען פינקטליך אויסגעפאלגט דעם באשלוס און דער סטרייק האט זיך ווי א וואלד־פייער פארשפרייט אזוי שטארק, אז כמעט דער גאנצער באן פארקער צווישען שיקאגא און דעם ווייטען מערב איז אפגעשטעלט געווארען.

די אייזענבאן קאמפאניס האבען דעמאלט גלייך מאביליזירט אלע זייערע כחות צו דערשטיקען דעם פולמאן סטרייק. די אייזענבאן מאגנאטען האבען דערזען אין דער אמעריקאן רעילוויס יוניאן, באזונדערס אין יודזשין דעבס'ן, א יונגען אבער שטארקען כח, וואס וועט שטארק קעמפען פאר די אינטערעסען פון די ארבייטער. האבען דעריבער די אייזענבאן קאמפאניס, קודם כל, איינגעשוואוירען אלס דעפיוטי מארשאלס דריי טויזענט פארברעכער און פראפעסיאנעלע שלעגער פון שיקאגא. די מערדער און רויבער זיינען באוואפענט געווארען מיט כל־ערליי מארד אינסטרומענטען און געקראגען גוט באצאלט פון די אייזענבאן קאמפאניס. די אזוי־גערופענע „דעפיוטי מארשאלס" האבען זיך גענומען צו דער ארבייט און טעראריזירט נישט נאר די סטרייקער, נאר אויך געוויינליכע מענשען, וואס האבען נישט געהאט קיין שום שייכות צום סטרייק. א ריכטער פון סופרים קאורט האט ארויסגעגעבען אן אינדזשאנקשאן געגען דעם סטרייק און דעם 27טען יולי 1894 זיינען דעבס און אנדערע פירער פון סטרייק געפונען געווארען שולדיג אין פארברעכען דעם אינדזשאנקשאן. דעבס איז פאר'משפט געווארען צו זעקס חדשים טורמע. אבער א חוץ דעם וואס די אייזענבאן קאמפאניס האבען אפגעשניטען פון די סטרייקענדע דעם מוטיגען און גלענצענדען פירער זייערען, דעבס'ן, האבען זיי אויך פארלאנגט ביי דעם דעמאלסטדיגען פרעזידענט קליוולאנד, אז ער זאל שיקען פעדעראלע סאלדאטען צו צוברעכען דעם סטרייק. און דער פרעזידענט האט דעם פארלאנג פון די אייזענבאן קאמפאניס נאכגעגעבען.

דאס שיקען פעדעראלע סאלדאטען און די טעראר־מיטלען וואס די אייזענבאן קאמפאניס האבען אנגעווענדעט געגען די פולמאן ארבייטער, האבען אויפגערייצט אלע ארבייטער פון לאנד. עס האבען זיך אלץ מער גענומען הערען די פאדערונגען פון די ארבייטער, אז עס זאל דערקלערט ווערען א גענעראל סטרייק פון אלע ארבייטער פון גאנצען לאנד אלס סימפאטיע סטרייק צו די פולמאן ארבייטער. דעם 12טען יולי איז פארגעקומען א ספעציעלע בעראטונג אין שיקאגא, וואו עס האבען אנטייל גענומען פארשטעהער פון 25 יוניאנס און עס איז באטראכט געווארען די פראגע וועגען א סימפאטיע גענעראל סטרייק איבער'ן גאנצען לאנד. גאמפערס, דער דעמאלסטדיגער פרעזידענט פון דער אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר, און אנדערע יוניאן פירער האבען אנגעווענדעט זייער גאנצע ענערגיע, אז מען זאל נישט מאכען קיין גענעראל־סטרייק, ווייל „עס איז געפערליך אויסצושפרייטען דעם סטרייק ברייטער ווי ער איז געגען די באוואפענטע כחות און ברוטאלער געלט אריסטאקראטיע".

יודזשין דעבס אליין שילדערט יענעם סטרייק ווי פאלגט:

„דער שטראם האט זיך געשטעלט געגען אונז. כמעט די גאנצע באפעלקערונג איז אויפגעהעצט געווארען געגען אונזער יוניאן צוליב די געוואלט טאטען צו וועלכע מיר האבען ניט געהאט דעם מינדסטען שייכות. יעדער עקעלהאפטער פארברעכען געגען אונז איז דורכגעפירט געווארען אונטער דער מאסקע פון פאטריאטיזם. די יוניאן האט ניט פארמאגט קיין פרעסע, קיין מיטעל צו דערקלערען דעם ברייטען עולם דעם אמת.

„הונדערט אינדזשאנקשאנס זיינען ארויסגעגעבען געווארען געגען אונז צווישען אהייא און דעם פאסיפישען ים ברעג.

„פארלוימדונגען אין די טויזענטער זיינען אויסגעטראכט און פארשפרייט געווארען אין דער קאפיטאליסטישער פרעסע. די שולד פאר אלע געוואלט טאטען איז געווארפען געווארען אויף די אומשולדיגע סטרייקער. די פירער זיינען פארשפארט געווארען אין די טורמעס אהן וועלכע עס איז קלאגעס און אהן א פראצעס, יוניאן לאקאלען זיינען צובראכען געווארען, הונדערטער אנדערע גרעבע פארלעצונגען פון געזעץ זיינען באגאנגען געווארען פון די וואס האבען געשוואוירען אויפצוהאלטען דעם געזעץ און דורכפירען גערעכטיגקייט.

„קיינמאל איז די גרייטקייט פון א קאפיטאליסטישער רעגירונג זיך צו פארקויפען ניט ארויסגעבראכט געווארען אזוי שארף ווי אין דעם דעמאלסטדיגען סטרייק. יעדער דעפארטמענט פון דער פעדעראלער רעגירונג איז געשטעלט געווארען אין דינסט פון די אייזענבאן קאמפאניס. רעפובליקאנישע און דעמאקראטישע באאמטע האבען קאנקורירט איינע מיט די אנדערע אין פלייסיגער דינסט צו זייערע באלעבאטים" (זעה: „דעבס, זיין לעבען און רעדעס", זייטען 111—114).

דער פולמאן סטרייק איז געבראכען געווארען צוליב די סיבות וואס דעבס האט אנגעגעבען. אבער דעבס אליין האט אין טורמע זיך באקאנט מיט דער סאציאליסטישער ליטעראטור. ער האט דערלערענט דעם מארקסיזם און איז שפעטער, ווען ער איז ארויס פון טורמע, געווארען דער פירער פון דער אמעריקאנער סאציאליסטישער פארטיי און איינער פון די באליבטסטע און קאלירפולסטע פיגורען אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג.

## מיין טרוים

### פון קלארא מאראו

וויגען בלעטלאך זיך אויף צווייגן,
ווי אין וויגעל וויגט זיך ס'קינד;
טראגט זיך אום א פריהלינג־ניגון,
טראגט זיך אום א פריהלינג־ליד!

הויכט ארויס פון זילבער־שטראהלען,
הילכט אראפ פון גרינעם בוים;
זיץ איך איינזאם דא אין גארטען,
שפין א ליכטיג־העלען טרוים.

לויכט די זון און ווארימט ליבלאך,
קושט מיט צארטקייט יעדען בלאט;
ווי א מאמע קושט די הענטלאך,
בעטענדיג פאר'ן קינד ביי גאט.

קאפעט שטיל דער מאמע'ס טרערען,
פאלען הייס אין איהר געבעט;
אז עס קומט א טונקעלער וואלקען,
הילכען קלאנגען פול מיט שרעק.

גיט דאס פריהלינג־ליד א ציטער, —
און ווי דער מאמע'ס הארץ פאר'ן קינד
ציטערען די אלטע ביימער:
קומען וועט א שטורם ווינט!

# אומאייניגקייט אין אַרבייטער רייען איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם זיג פון רעאַקציאָנערן אין קאָנגרעס — זאָגט פּרעזידענט דובינסקי

(אַ רעדע געהאַלטן אויף דער ראַדיאָ)



ין אַ שאַרפער אַטאַקע אויף דער גרופּע דעמאָקראַטישע קאָנגרעסלייט, וועלכע האָבן זיך פאַראייניגט מיט די רעפּובליקאַנער און דורכגעוואָרפן פּרעזידענט רוזוועלט'ס ריאָרגאַניזיישאָן ביל, האָט פּרעזידענט דוד דובינסקי אָנגעוויזן, אַז די אַטאַקע איז אין אמת'ן ניט געווען געצילט געגען דעם געזעץ, נאָר הויפּטזאַכליך געגען דעם ניו דיעל און די אַרבייטער און סאָציאַלע געזעצן וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אונטער רוזוועלט'ס פירערשאַפט. ער האָט אויך אָנגעוויזן, אַז פיל שולדיג אין דעם וואָס די רעאַקציאָנערן האָבן לעצטענס אויפגעהויבן די קאָפּ איז די אומאייניגקייט אין די אַרבייטער רייען.

די רעדע האָט דובינסקי געהאַלטן אויף דער ראַדיאָ שטונדע פון דער איטאַליענישער דרעסמאַכער יוניאָן, לאָקאַל 89, וועלכער ווערט געגעבן יעדן שבת פאַרמיטאָג און ווערט געהערט אין פיר סטייטס. דער טעקסט פון זיין רעדע איז ווי פאָלגט:

„נעכטן אָוונד איז אין דער הויפּט שטאָט פון לאַנד אָנגענומען געוואָרן פון קאָנגרעס איינע פון די וויכטיגסטע באַשלוסן וואָס די קערפּערשאַפט האָט געמאַכט דורך די לעצטע יאָרן. מיט 204 שטימען געגען 196, מיט אַ קליינער מערהייט פון אַכט שטימען האָט די הויז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס נידערגעשטימט דעם ריאָרגאַניזיישאָן ביל און דורכדעם אויסגעדריקט אומצוטרויען צו פּרעזידענט רוזוועלט.

„ווער זיינען געווען די קאָנגרעסלייט וועלכע האָבן זיך פאַראייניגט געגען פּרעזידענט און דורכגעוואָרפן דעם פּראָיעקט? זיינען עס געווען דורכאויס רעפּובליקאַנער וועלכע זיינען ענטשלאָסן צו באַקעמפן דעם פּרעזידענט גאַנץ גלייך אום וואָס פאַר אַ געזעץ עס זאָל זיך ניט האַנדלען? ניין! 108 פון די אַזוי גערופענע דעמאָקראַטן האָבן זיך פאַראייניגט מיט דער פעסטער, רעאַקציאָנערער רעפּובליקאַנישער זייט צוריקצוּוואַרפן זייער אייגענעם פּאַרטיי־פירער און דעם הויפּט עקזעקוטיוו פון לאַנד. פאַרוואָס?

„וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די דעמאָקראַטן זאָלן פאַרראַטן די פאַרשפּרעכענס פון זייער אייגענער פּאַרטיי? וואָס האָט זיי געמאַכט זיך פאַראייניגן מיט די פאַרביסענע רעאַקציאָנערע רעפּובליקאַנער אין אַ פאַרזוך צו פאַרניכטן דעם פּרעסטיזש פון זייער אייגענעם פּרעזידענט? זיי באַהויפּטן, אַז עס איז זייער געגנערשאַפט צו דיקטאַטור און די מורא, אַז דער געזעץ וואָלט געבן דעם פּרעזידענט צופיל מאַכט און אויטאָריטעט. איז עס אמת?

„אין גרונט גענומען, איז דער גאַנצער ריאָרגאַניזיישאָן ביל ווי אַמענדירט און פאַרגעבראַכט פאַר דער הויז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס באַשטאַנען בלויז אין אַ פאַרלאַנג, אַז דעם פּרעזידענט זאָל געגעבן ווערן נאָך אַ האַלבן טוצן עקזעקוטיווע אַרויסהעלפער; באַשאַפן אַ נייעם וועלפער דעפּאַרטמענט צו קאָאָרדינירן די וועלפער טעטיקייטן איבער'ן גאַנצן לאַנד און עס זאָל געשאַפן ווערן דער אַמט פון גענעראַל אוידיטאָר צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון איצטיגן גענעראַל קאָנטראָלער. עס איז קלאָר, אַז אַט די ענדערונגען האָבן גאָרניט קיין שייכות מיט דיקטאַטור. עס זוכט בלויז איינצושטעלן אַביסעל מער מאָדערנע טיכטיגקייט אין דער פאַרוואַלטונג פון דער רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטן, אַביסעל מער קאָאָרדינאַציע אין דער גרויסער נאַציאָנאַלער אונטערנעמונג וואָס איז ביז איצט געפירט געוואָרן אויף אַ באַזיס וואָס איז אָנגענומען געוואָרן מיט 75 יאָר צוריק.

„יעדער פּרעזידענט זינט וויליאַם האָוואַרד טעפט האָט פאַרלאַנגט כמעט די זעלביגע אויטאָריטעט און פילע פון די קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרן, וועלכע קוועלן איצט אָן פון דער נידערלאַגע פאַר רוזוועלט'ן האָבן אַליין געשטימט פאַר די פאָרשלאָגן. דער פּלאַן וואָס איז איצט דורכגעוואָרפן געוואָרן אין קאָנגרעס איז אויסגעאַרבייט געוואָרן פון אַ קאָמיטע פון אומאָפּהענגיגע, אומפּאַרטייאישע עקספּערטן. עס איז געשריבן געוואָרן אין דער ליכט פון ערפאַרונג אין פילע לענדער. ענליכע פאָרשלאָגן זיינען דורכגעפירט געוואָרן פון גאָווערנאָר אַל. סמיטס, אין ניו יאָרק סטייט, און זיינען אַפּלאַדירט געוואָרן פון פילע פון די ניו יאָרקער קאָנגרעסלייט, וועלכע האָבן געשפּילט אַ הויפּט־ראָליע אין דורכוואַרפן דעם פּרעזידענט'ס ביל און וועלכע קוועלן איצט אָן פון זייער אַזוי־גערופענעם נצחון. די מענטשן רופן איצט דעם פּרעזידענט דיקטאַטאָר פאַר פּרובירן איינשטעלן טיכטיגקייט אין דער פעדעראַלער רעגירונג.

„די אַרבייטער באַוועגונג איז זיכער געגען דיקטאַטור און געגען יעדן געזעץ־פּראָיעקט וואָס זוכט צו שטערן דער רעגירונג דורך פאָלקס־פאַרטרעטער. ווען דער ריאָרגאַניזיישאָן ביל וואָלט געווען אַ דיקטאַטאָרישער געזעץ וואָלט די אַרבייטער באַוועגונג זיך אויך געפרייט מיט זיין דורכפאַל. אָבער די אַרבייטער באַוועגונג פילט, אַז דאָס דורכוואַרפן פון פּרעזידענט'ס געזעץ־פּראָיעקט, כאָטש ס'איז ניט אין דער ווירקליכקייט קיין אַרבייטער געזעץ, איז עס דאָך אַ שווערער קלאַפּ פאַר די אינטערעסן פון די אַרבייטער, פאַר איר פּראָגראַם, פאַר איר פּאָליטישער אָריענטאַציע און שטאַנדפּונקט. מיר פילן, אַז עס איז ניט געווען דיקטאַטור וואָס איז דורכגעוואָרפן געוואָרן, נאָר אַז די שונאים פון נייעם דיעל האָבן זיך אַרויסגעוואָרפן אויפ'ן פּרעזידענט כדי אים צו דיסקרעדיטירן, אָפּשוואַכן זיין פּרעסטיזש אין לאַנד און אַזוי אַרום צעשמעטערן די פּראָגרעסיווע און אַרבייטער געזעצן, אַזוי שנעל ווי עס וועט קומען דערצו.

„זיי, אַט די פאַרטרעטערישע קאָנגרעסלייט באַהויפּטן, אַז די בירגער פון זייערע דיסטריקטן האָבן זיי אויפגעפאָדערט דורכצוּוואַרפן דעם ביל. דאָס איז דורכאויס פאַלש. עס זיינען ניט געווען די בירגער פון די דיסטריקטן, וועלכע האָבן זיי פאַרוואָרפן מיט טעלעגראַמען און צושריפטן ווי זיי באַהויפּטן. עס איז געווען אַן אָרגאַניזירטע פּראָפּאַגאַנדע דורך די גאַנעטס, דורך די קאָגלינס, דורך די ליבערטי ליגערס, די אַזוי־גערופענע פאַרטיידיגער פון דער קאָנסטיטוציע הינטער וועמען עס שטייען די אַלע פינסטערע כחות פון לאַנד. הינטער די מאַנעווערס צו פאַרניכטן דעם פּרעזידענט זיינען די כחות, וועלכע זיינען מער פון אַלץ גערן צו צעשמעטערן דעם ניו דיעל.

„און ווען איך זאָג, אַז זיי זיינען פאַראינטערעסירט צו צעשמעטערן דעם ניו דיעל, מיין איך דערמיט, אַז זיי ווילן זען נידעריגערע טעקסעס אויף די רייכע און די וואָס קענען צאָלן און העכערע שטייערן אויף די אָרימע און די וואָס קענען ניט צאָלן. אַט די אַדעל־לייט וועלכע שרייען „דיקטאַטור" וואָלטן וועלן, אַז די הילף פאַר די אַרבעטסלאָזע זאָל געשניטן ווערן צו אַ מינימום, זיי וואָלטן וועלן, אַז די וואָל סטריט קליקע זאָל ווידער קענען אַרויסגעבן און פאַרקויפן ווערטפּאַפּירן אָן רעגירונגס־אויפזיכט, פּונקט ווי אין די אַלטע גוטע צייטן. זיי וואָלטן וועלן זען די מאַכט פון די אַרבייטער יוניאָנס געבראָכן. זיי זיינען אומרוהיג פון דעם געדאַנק, אַז זינט 1933 איז די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין אַמעריקאַ כמעט פאַרדרייפאַכט. אַ, ווי זיי וואָלטן וועלן זען דעם רוקנביין פון דער אַרבייטער באַוועגונג געבראָכן, אַט־די אַזוי־גערופענע ליבהאָבער פון דעמאָקראַסי, זיי וואָלטן געוואָלט פאַרניכטן דעם נעשאָנאַל לעיבאָר רילעישאָנס עקט, וועלכער שטעלט „יעלאָו דאָג" קאָנטראַקטן אויסער'ן געזעץ, וועלכער שיצט קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען און גיט די אַרבייטער אַ גלייכע שטעלונג מיט די בעלי בתים אין אינדוסטריעלע און שאַפּ באַציהונגען.

„דאָס איז וואָס עס ליגט הינטער דעם קאַמף געגען פּרעזידענט רוזוועלט'ס ריאָרגאַניזיישאָן ביל. לאָמיר ניט אָפּנאַרן זיך אַליין. דער דורכפאַל איז אַ זיג פאַר רעאַקציע. עס איז אַן אָפענער זיג פון די אַרבייטער פיינדליכע כחות. דער מעסער אין רוקן פאַר'ן פּרעזידענט האָט אויך געטראָפן דער טרייד יוניאָן באַוועגונג אין אַמעריקאַ. און די אַרבייטער באַוועגונג טראָגט ניט ווייניג פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם. די אַרבייטער באַוועגונג איז מעגליך געווען דער הויפּט פאַקטאָר וואָס האָט בייגעשטייערט דערצו. עס איז צוליב דעם, וואָס מיר האָבן אַ צעשפּליטערונג אין דער אַרבייטער באַוועגונג, צוליב דעם וואָס די אַרבייטער באַוועגונג רעדט ניט היינט צו טאָג מיט אַ פאַראייניגטער שטימע, וואָס די רעאַקציאָנערע כחות האָבן געוואַגט אויפצוהויבן דעם קאָפּ און אַטאַקירן דעם פּרעזידענט און דעם ניו דיעל. און אַזוי לאַנג ווי די אַרבייטער באַוועגונג וועט פאַרבלייבן ניט פאַראייניגט וועט דער קאַמפּיין צו דיסקרעדיטירן דעם ניו דיעל אָנגיין און די „ליבערטי ליגערס", די עקאָנאָמישע ראָיאַליסטן וועלן פאָרטזעצן אָפּצוהאַלטן נצחונות.

„טראָץ דעם אַלעמען בין איך איבערצייגט, פּונקט ווי יעדער קלאָרער באַאָבאַכטער פון אונזער פּאָליטישן לעבן ווייס, אַז דאָס לאַנד איז נאָך אַלץ מיט'ן גאַנצן האַרצן מיט רוזוועלט'ן היינט־צו־טאָג, פּונקט ווי עס איז געווען מיט אַ יאָר און צוויי יאָר צוריק. די רעאַקציאָנערן, וועלכע האָבן דורכגעוואָרפן דעם פּרעזידענט'ס געזעץ־פּראָיעקט נעכטן אין קאָנגרעס, רעדן ניט מיט דער שטימע פון אַמעריקאַנער פאָלק. ווען וואַלן זאָלן היינט אָפּגעהאַלטן ווערן, בין איך זיכער, אַז די פאַרשויגענע, וועלכע פייערן דעם דורכפאַל פון פּרעזידענט דורך זייערע שטימען, וואָלטן געליטן פּונקט אַזאַ צעשמעטערנדע נידערלאַגע דורך די הענט פון דער גרויסער מאַסע בירגער פון לאַנד, פּונקט ווי זיי האָבן געליטן אין 1932 און 1936.

„די פון אונז, וועלכע האָבן געשטיצט דעם פּרעזידענט אין זיינע ניו דיעל פּאָליסיס און אין זיין אַלגעמיינער אינדוסטריעלער און סאָציאַלער פּראָגראַם, דאַרפן באַגרייפן, אַז אַט די שלאַכט ענדיגט זיך קיין מאָל ניט. כדי דער נייער דיעל זאָל ניט פאַרניכטעט ווערן דורך די פאַרביסענע רעאַקציאָנערן מוזן מיר ווייטער אָנהאַלטן אונזער שטיצע צום פּרעזידענט און געבן אים די מעגליכקייט צוריקצושלאָגן און ביטער קעמפן געגן זיינע געגנער, וועלכע זיינען אויך אונזערע געגנער".

## ווייג־ליד

פון ברכה קאָפּשטיין

ס'איז דיין מאַמעס בליק דיר פרעמדלעך —
ווייל זי גייט אויף טוצן העמדלעך,
פאַר קינדער קליינינקע ווי דו —
טאָג נאָך טאָג, שעה נאָך שעה.

ניט וויין, מיין קליינינק מיידעלע,
מיידעלע מיין איידעלע,
ליולינקע שאַ־שאַ.

ס'וויל דיין מאַמע ניט פאַרשפּעטיקן,
מיט דיינע שמייכעלעך זיך זעטיקן,
היילט זי זיך פון דער פאַבריק
הונגעריק נאָך דיינעם אַ בליק.

ניט וויין, קליינינק מיידעלע, א. א. וו.

ס'איז דיין מאַמע אַ באַגליקטע נאָך,
זי אַרבעט אָפּ אַ גאַנצע וואָך
קאָכט זי גוטע יאַיכעלעך
פאַר געזונטע קליינע בייכעלעך.

ניט וויין, קליינינק מיידעלע, א. א. וו.

ס'איז די וועלט, מיין קינד, אַ ליכטיקע,
נאָר ניט פאַר אונז די ריכטיקע,
דאַרפן קינדערלעך פרישע־בלוטיקע
אויפוואַקסן מענטשן מוטיקע.

ניט וויין, קליינינק מיידעלע, א. א. וו.

אויפקעמפן פאַר איטלעכן
אַ לעבן אַ געמיטלעכן,
ס'זאָלן טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך
קענען לעבן וואונדערלעך.

ניט וויין, מיין קליינינק מיידעלע,
מיידעלע מיין איידעלע,
ליולינקע שאַ־שאַ.

# דער מאָדערנער אַרבייט־סטאַטוס אין פראַנקרייך



ינט מאַי 1936. דאָס הייסט זינט דער שאַפונג פון דער רעגירונג פון פאָלקס־פראָנט האָבען זיך שאַרף פאַרשאַרפט די קאָנפליקטען צווישען אַרבייט און קאַפּיטאַל אין פראַנקרייך. די אַרבייטער זיינען מאַסענווייז אַריינגעטראָטען אין די געווערקשאַפטען און אין משך פון אַ קורצער צייט האָט די „אַלגעמיינע אַרבייט קאָנפעדעראַציע" — די צענטראַלע פון די פּראָפעסיאָנעלע טרייד יוניאַנס — געציילט שוין 5 מיליאָן מיטגלידער. אמת איז אַז די רעקרוטירונג איז געוואָרען לייכטער דורך דער פאַראייניגונג פון דער טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג אין פראַנקרייך, פון ביידע צענטראַלעס — פון דער קאָמוניסטישער און דער אומאָבהענגיגער.

אַ כוואַליע פון סטרייקען וואָס האָבען אַרומגענומען הונדערטער טויזענטער אַרבייטער, אין אַלע אינדוסטריען האָט פאַרפלייצט דאָס גאַנצע לאַנד; די אַרבייטער האָבען אָנגעהויבען אומעטום זיך צו באַנוצען מיט דעם נייעם מיטעל: אָקופּירען די פאַבריקען און ביוראָס (זיץ־סטרייקס).

אַ סך פון די דאָזיגע סטרייקס זיינען געווען כאַאָטיש דורכגעפירט, אָפטמאָל באַשטימט אָפילו ניט דורך די פאַראַנטוואָרטליכע אינסטאַנצען און דער רעזולטאַט דערפון — אַ שאָדען פאַר דער ווירטשאַפט פון לאַנד, פאַרשטאַרקט דורך דעם בייזען ווילען פון די אונטערנעמער.

לעאָן בלום האָט דורך אויסערגעוועהנליכע אָנשטרענגונגען געבראַכט אַ צייטווייליגע רוה: ער האָט אין איילעניש אויסגעאַרבעט, צוזאַמען מיט די פאַרשטעהער פון די אונטערנעמער און אַרבייטער, דעם באַרימטען „מאַטיניאָן אָפּמאַך" וואָס האָט אַנטהאַלטען אַ ריי באַשטימונגען איבער קאָלעקטיווע אָפּמאַכען, פאַרשטענדיגונג און אַרביטראַזש, פערציג שעה'דיגע אַרבייטס־וואָך, א. אַ. ו. נאָר די אַלע באַשטימונגען וואָס זיינען באַשטעטיגט געוואָרען דורך דעם פאַרלאַמענט האָבען געטראָגען אַ צייטווייליגען כאַראַקטער און האָבען ניט ליקווידירט דעם כאַאָס, באַזונדערס ווען עס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער ווירטשאַפטליכער קריזיס, עס איז געקומען די דעוואַלואַציע און די שטייגערונג פון די פּרייזען אויף די לעבענס־מיטלען, און ווען עס האָט זיך אויך פאַרשטאַרקט דער ווידערשטאַנד מצד די אונטערנעמער וואָס האָבען געהאַט שוין גענוג צייט צו קומען צו זיך נאָך דעם נצחון פון פאָלקס־פראָנט און זיך צו אָרגאַניזירען.

סטרייקען און אָקופּאַציעס האָבען זיך ווידער באַנייט און עס איז געווען קלאָר פאַר דער רעגירונג, אַז עס מוזען אָנגענומען ווערען שטרענגע געזעצען, מער קלאָרע און מער דויערנדיגע צו ברענגען אָרדנונג אין די סאָציאַלע קאָנפליקטען.

און דעריבער איז געקומען דער פּראָיעקט פון דער רעגירונג פון פאָלקס־פראָנט — פון דער דריטער רעגירונג מיט שאָטאַן בראש, אַן דער באַטייליגונג פון די סאָציאַליסטען.

דאָס זיינען זעקס פּראָיעקטען וואָס צוזאַמען שטעלען זיי מיט זיך פאַר דעם אַזוי גערופענעם „מאָדערנעם אַרבייט־סטאַטוס".

די זעקס פּראָיעקט־געזעצען זיינען פאָלגענדע:

1. צונעמען און אָפּזאָגען אַרבייטער; 2. די אָרגאַניזירונג פון אַן אַרבייטס־ביוראָ אַרויפצושיקען אַרבייטער אויף פּלעצער; 3. קאָלעקטיווע אַרבייט אָפּמאַכען; 4. פּראָצעדור פון פאַרשטענדיגונג און אַרביטראַזש; 5. סטרייקען; 6. סטאַטוס פאַר אויסווילען אַרבייטער און אָנגעשטעלטע דעלעגאַטען.

דערווייל איז אָנגענומען געוואָרען דורך דעם פאַרלאַמענט און סענאַט בלויז דער ערשטער געזעץ: פּראָצעדור פון פאַרשטענדיגונג און אַרביטראַזש. דער וויכוח ארום דעם געזעץ האָט געדויערט העכער אַ חודש; קודם כל אין פאַרלאַמענט גופא, שפּעטער אין סענאַט און נאָך דער רייע פון געזעץ פון פאַרלאַמענט צום סענאַט און צוריק...

נאָר מען האָט געמוזט קומען צו אַ רעזולטאַט, ווייל דער פריהערדיגער געזעץ פון אַרביטראַזש האָט זיך געענדיגט דעם 28טען פעברואַר.

ענדליך איז דער געזעץ אַרויס!

נאָר אין וואָס פאַר אַ פאָרם?

פון מ. יאַרבלום.

דער קאָנסערוואַטיווער סענאַט האָט אים אַזוי פאַרענדערט, אַז עס איז שווער צו דערקענען, אַז עס האַנדעלט זיך באמת וועגען זעלבען פּראָיעקט.

נאָר ווי עס זאָל ניט זיין: דער געזעץ איבער פאַרשטענדיגונג און אַרביטראַזש עקזיסטירט שוין און גייט אַריין אין קורצען אין קראַפט.

וועלכע זיינען זיינע הויפּט־פונקטען?

די ערשטע פונקטען באַשטימען ווי אַזוי די קאָלעקטיווע אַרבייטס־אָפּמאַכען דאַרפען אומבאַדינגט אַנטהאַלטען באַשטימונגען בנוגע דער שאַפונג פון פּאַריטעטע (גלייכצאָליגע) קאָמיסיעס פון פאַרשטעהער פון אַרבייטער און פון אונטערנעמער, קאָמיסיעס פאַר וועלכע עס זאָל פאַרגעבראַכט ווערען יעדער קאָלעקטיווער קאָנפליקט איבער וועלכען די צדדים האָבען זיך ניט געאייניגט אין אַ משך פון אַ צייט, וואָס איז באַשטימט דורך דעם אָפּמאַך; ווייטער קומען די פּראָצעדורען פון באַשטימען אין דעם זעלבען קאָלעקטיווען אָפּמאַך בוררים פון ביידע צדדים פאַר דער צייט פון דויער פון דעם קאָלעקטיווען אָפּמאַך, וועלכער דאַרף אַנטהאַלטען אויך אַ רשימה פון סופּער־אַרביטראַטאָרס פאַר דעם פאַל ווען די אַרביטראַטאָרס קומען ניט צו אַ הסכם. אויב די אַרביטראַטאָרס איינינגען זיך ניט אויף דעם סופּער־אַרביטראַטאָר וואָס דאַרף זיין איינער פון די וואָס פיגורירען אין דער רשימה, ווערט דער לעצטער באַשטימט פון דעם פּרעפעקט אָדער דורך דעם אַנטשפּרעכענדען מיניסטער.

דער געזעץ ווערט אָנגעווענדעט בלויז פאַר אינדוסטריע און קאָמערץ; דער ערשטער פּראָיעקט פון פאַרלאַמענט האָט אַנטהאַלטען אויך די לאַנדווירטשאַפט; דער סענאַט האָט דאָס אויסגעשלאָסען.

עס ווערט אָבער געזאָגט, אַז אַ ספּעציעלער געזעץ וועט צוגעשטעלט ווערען פון דער רעגירונג נאָך פאַר דעם 15טען אַפּריל, 1938, וואָס וועט באַשטימען די פּראָצעדור פון פאַרשטענדיגונג און אַרביטראַזש פאַר דער לאַנדווירטשאַפט.

דער געזעץ באַשטימט די קאָמפּעטענץ פון די קאָמיסיעס און אַרביטראַטאָר; דער וויכטיגסטער פונקט באַרירט די העכערונג פון די לוינען אין צוזאַמענהאַנג מיט די ענדערונג פון די פּרייזען אויף די לעבענס־מיטלען. דער אַרטיקעל 1, ערקלערט, אַז אין פאַל אויב דער צייכען פון שטייגערונג פון לעבענס־מיטלען דערגרייכט 5 פּראָצענט קען געמאַכט ווערען אַ ביטע צו הויבען אַנטשפּרעכענד די לוין־פּרייזען. די אייגענטימער האָבען אָבער דאָס רעכט צו באַווייזען, אַז די דאָזיגע העכערונג פון די לוינען קען ניט דורכגעפירט ווערען אין זייער בראַנזשע צוליב עקאָנאָמישע באַדינגונגען.

דער ערשטער פאַרלאַמענט טעקסט האָט גערעדט ניט וועגען בראַנזשען, נאָר אַז יעדער אונטערנעמער באַזונדער זאָל באַווייזען, אַז זיין אונטערנעמונג קען ניט אויסהאַלטען די העכערונג:

דער סענאַט האָט אָנשטאָט איינצעלנע אונטערנעמונגען אַריינגעשטעלט בראַנזשען, צווייגען, אַזוי אַז דער באַזונדערער אונטערנעמער וועט ניט דאַרפען צושטעלען באַווייזען פאַר זיין אונטערנעמונג.

אַ צווייטע באַגרענעצונג איז איינגעפירט אין לעצטען טעקסט דורך דעם סענאַט: די רעווידירונג פון די לוינען קענען פאָרקומען בלויז יעדע 6 חדשים, אַ חוץ אין די פאַלען, ווען דער צייכען פון שטייגערונג פון די פּרייזען אויף די לעבענס־מיטלען וועט דערגרייכען 10 פּראָצענט; אין דעם פאַל קען די רעוויזיע פאָרקומען תיכף.

דער אַרטיקעל 11, לויטעט:

„די דאָקומענטען, וועלכע די צדדים וועלען האַלטען פאַר נויטיג צוצושטעלען צו די וכוחים וועלען איבערגעגעבען ווערען צו אַרביטרישאַן און צום אַרביטראַטאָר פון די אַרבייטער, און, אין פאַל פון איבער־אַרביטראַזש, וועלען זיי באַטראַכט ווערען אין אַנוועזענהייט פון סופּער־אַרביטראַטאָר. דער סופּער־אַרביטראַטאָר, די אַרביטראַטאָרס און די עקספּערטען, ווען אַזעלכע וועלען זיין, זיינען פאַרפליכטעט צום פּראָפעסיאָנעלען סוד".

דער דאָזיגער אַרטיקעל איז רעדאַגירט זייער פאַרזיכטיג, ווידער לויט דעם פאַרלאַנג פון סענאַט. די אונטערנעמער וועלען ניט זיין געצוואונגען צו ווייזען אַלע דאָקומענטען, דער עיקר, זייער באַלאַנס: זיי וועטלען צושטעלען בלויז דאָס וואָס זיי „וועלען האַלטען פאַר נויטיג".

אין אַלגעמיין זיינען די באַשלוסען פון די בוררים אָדער פון סופּער־אַרביטראַטאָר אַנטגילטיגע, בלויז אין אויסנאַם־פאַלען: — פראַגען פון ניט קאָמפּעטענץ, איבערטרייבען די מאַכט, פאַרגעוואַלטיגען דעם געזעץ — וועט מען קענען אַפּעלירען פאַר דעם העכסטען אַרביטראַזש־געריכט, וועמענס מיטגלידער ווערען באַשטימט דורך דער רעגירונג; עס וועלען צוגעצויגען ווערען ביי די פאַרהאַנדלונגען אויך פאַרשטעהער פון די אונטערנעמער און פון די אַרבייטער, צו צוויי פון יעדען צד, אין פאַל ווען דער מיניסטער וועט אַפּעלירען געגען באַשלוס...

אַלס צייטפּונקט פאַר אָנווענדען די באַשלוסען פון אַרביטראַזש ווערט גערעכענט דער טאָג ווען עס איז אַריינגעטראָגען געוואָרען די ביטע פאַר דער פאַרשטענדיגונג.

אינטערעסאַנט איז נאָך אָנצואווייזען אויף דעם אַרטיקעל 7, לויט וועלכען די רעגירונג אַדמיניסטראַציע דאַרף אין משך פון אַ חודש, נאָך דעם אַרויסגעבען פון דעם געזעץ און נאָך אַ באַראַטונג „מיט די אונטערנעמער, אַרבייטער און בעל מלאכות־אָרגאַניזאַציע אַממייסטען רעפּרעזענטאַטיווע"... באַשטימען די מאָדאַליטעטען פון דער פּראָצעדור...

די רעאַקציאָנערען האָבען געוואָלט אָנשטאָט די ווערטער „אַממייסטען רעפּרעזענטאַטיווע" אָרגאַניזאַציעס אַריינברייגען אין געזעץ די ווערטער: „גענוגענד רעפּרעזענטאַטיווע דורך זייער צוזאַמענשטעלונג, אַלטקייט, פּראָפעסיאָנעלער טעטיגקייט און אַנשלוס אין אַ נאַציאָנאַלער קאָנפעדעראַציע"...

די רעאַקציאָנערען האָבען דערמיט געמיינט גלייכשטעלען די קריסטליכע געווערקשאַפטען, וואָס זיינען אַ מינדערהייט מיט דער „אַלגעמיינער אַרבייט קאָנפעדעראַציע" וואָס איז די רעפּרעזענטאַטיווסטע.

דאָס איז זיי ניט געלונגען און עס איז געבליבען דאָס וואָרט „די רעפּרעזענטאַטיווסטע אָרגאַניזאַציע".

אין די אַנדערע אַרטיקלען ווערען באַשטימט די איינצעלהייטען פון דויער פון די אונטערהאַנדלונגען, פון איבערגעבען די באַשלוסען, א. אַ. ו.

דאָס איז דער נייער געזעץ, דערוויל דער איינציגער פון די זעקס אַריינגעטראַגענע געזעצען פון אַ נייעם אַרבייטס סטאַטוס. זיכער איז ער ניט דאָס וואָס די אַרבייטער אָרגאַניזאַציע האָט געוואָלט, אָפילו ניט דאָס וואָס די רעגירונג און דער פאַרלאַמענט זיינען גרייט געווען צו געבען. נאָר דאָך איז עס אַן ערנסטע דערגרייכונג פאַר דער סאָציאַלער געזעצגעבונג אין פראַנקרייך, וואָס איז מסוגל מער צו נאָרמאַליזירען די סאָציאַלע קאָנפליקטען און לעזען זיי מיט אַ מינימום שאָדען פאַר דער אַלגעמיינער ווירטשאַפט פון לאַנד.

פאַר די אַרבייטער איז דאָס, נאָך אַלעמען, אַ געווינס.

## אַנערקענונג רעזאָלוציע

מיר, די אַרבייטער פון באָום און פאָמעראַנץ, פון 320 וועסט 37טע סטריט, האָבען ביי אַ גוט־באַזוכטען שאַפּ־מיטינג באַשלאָסען אויסצודריקען אונזער אַנערקענונג און האַרציגען דאַנק צו אונזער טשערמאַן, ברודער בעני מילער, פאַר זיין גוטער אַרבייט פאַר אונזער שאַפּ און פּרעזענטירען איהם מיט אַ דיימאַנד רינג. מיר ווינשען איהם ער זאָל עס נוצען געזונטערהייט און זאָל ווייטער פאָרטזעצען די גוטע אַרבייט פאַר אונזער שאַפּ בפרט און פאַר דער יוניאָן בכלל.

מיר דריקען אויך אויס אונזער אַנערקענונג און האַרציגען דאַנק צו אונזער דיסטריקט מענעדזשער, ברודער בעני קאַפּלאַן, פאַר זיין גלענצענדער אַרבייט און פּרעזענטירען איהם מיט אַ זילבערנעם קאָפע סעט. מיר ווינשען ער זאָל עס נוצען געזונטערהייד און זאָל נאָך לאַנג אָנהאַלטען זיין פּאָסטען אין דער יוניאָן און טאָן זיין גוטע אַרבייט.

מיר דריקען אויך אויס אונזער אַנערקענונג צו אונזער ביזנעס אַגענט, ברודער פּיאַסקאָברינג און מיר גיבען איהם אַ שיינעם פּרעזענט.

די שאַפּ קאָמיטע:

מאַקס גרין און מאַרקאָפסקי — לאָקאַל 117

און לואי קעין — לאָקאַל 35.

# אין דער אמעריקאנער ארבייטער־באוועגונג

(איבערזיכט)

פון ש. פ.



ער באשלוס פון די פירער פון די סי. אי. א. יוניאנס צו האלטן א קאנווענשאן אין דער נאענטער צוקונפט און ארגאניזירן זיך אין א פערמאנענטער צענטראלער טרייד יוניאן קערפערשאפט, האט פאקטיש פארהאקט די טיר פאר א באלדיגן פרידן צווישן די צוויי שטרייטענדע צדדים אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג. ווי פיל די פריינד פון איינהייט אין דער באוועגונג זאלן נישט פרובירן טרייסטן זיך און אנדערע מיט דער האפענונג, אז עס איז נאך אלץ מעגליך צוזאמענברענגען די סי. אי. א. און די א. פ. או ל. און פאראייניגן זיי נאך איידער אזא קאנווענשאן וועט געהאלטן ווערן אין הערבסט, מוז יעדער באאבאכטער אנערקענען, אז דאס איז בלויז א פרומער וואונש, וועלכער קען אונטער די אומשטענדן ניט פארווירקליכט ווערן. די באלדיגע רעזולטאטן פון דעם באשלוס, מוז אומבאדינגט זיין א פארשארפטער קאמף אויף דער גאנצער ליניע מיט די אומפארמיידליכע רעזולטאטן פון א ברודער קריג — די אפשוואכונג פון ביידע צדדים. סמנים פון אזא פארשארפטן קאמף ווייזן זיך שוין איבער גענוג.

## וואס האט געבראכט צו דעם באשלוס צו רופן די קאנווענשאן?

כאטש דער באשלוס פון די פירער פון דער סי. אי. א. צו רופן א גרינדונגס־קאנווענשאן, אננעמען א קאנסטיטוציע, אויסקלייבן א באשטענדיגע פארוואלטונג און זיך ארגאניזירן אלס פערמאנענטע קערפערשאפט אין קאנקורענץ מיט דער א. פ. או ל. איז ניט געקומען אין גאנצן אלס איבערראשונג, כאטש אזא שריט האט מען געקענט ערווארטן פון זינט די פרידענס־פארהאנדלונגען צווישן די קאמיטעס פון ביידע צדדים האבן צוזאמענגעבראכן לעצטן הערבסט, האט דאך דער באשלוס פון דער קאנפערענץ אין וואשינגטאן, דעם 1טען אפריל, אויפגעטרייסלט און אנטוישט אלע אמת׳ע פריינד פון דער ארבייטער באוועגונג. גראדע אין די לעצטע וואכן האט זיך געמערקט א גאנץ ענערגישע טעטיגקייט צווישן איינפלוסרייכע קרייזן אין ביידע לאגערן פאר באנייען די פארהאנדלונגען. וואס, אלזא, האט געפירט דערצו, אז דווקא איצט זאל די קאנפערענץ פארופן ווערן און אננעמען דעם באשלוס, וועלכער האקט אפ די מעגלאכקייטן פאר א לאנגער צייט צו באנייען די פרידענס פארהאנדלונגען?

אורזאכן, שיינט עס, זיינען געווען צוויי: ערשטענס, די פארשטארקטע אטאקעס פון דעם עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער א. פ. או ל. אויף דער סי. אי. א. די אטאקעס זיינען געמאכט געווארן סיי אויפ׳ן ארגאניזאציאנעלן געביט דורך דעם פארזוך פון די ארגאנייזערס פון דער פעדערעישאן זיך אריינצורייסן אין די אינדוסטריען וואו די סי אי. א. האט ארגאניזירט יוניאנס, און סיי אויף דעם פאליטישן געביט דורך דעם פארבאט וואס דער קאונסיל האט ארויסגעשיקט צו די אנגעשלאסענע יוניאנס זיך צוריקצוציען פון די „לעיבאר נאן־פארטיזאן ליעגס"; די צוזאמענשטויסן אין וואשינגטאן איבער דעם וועידזש־אהור ביל; דער ארויסטריט אין פענסילווייניע געגען די פאליטישע קאנדידאטן, וואס די סי. אי. א. האט אינדארסירט, און ענליכע ארויסטרעטונגען אין פארשיידענע סטעיטס און געגענדן. די האנדלונג האט שטארק פארביטערט די פירער פון דער סי. אי. א. און געטריבן זיי צו דעם שריט.

די צווייטע אורזאך איז געווען דער געשריי, אז די סי. אי. א. איז ניט קיין דעמאקראטיש ארגאניזירטע קערפערשאפט, נאר א דיקטאטור פון איין מענשען — פון דזשאהן לואיס. אט די טענה האבן געניצט די פארביסענע שונאים פון פרידן אין דער טרייד יוניאן באוועגונג, ווי עס שיינט, טאקע מיט דעם צוועק צו טרייבן דער סי. אי. א. צו ארגאניזירן זיך אין אן אפאזיציאנס קערפערשאפט צו דער א. פ. או ל. זיי האבן געהאפט, אז אזא שריט וועט אפשוואכן די פריינדשאפט און סימפאטי וואס פילע האבן צו דער סי. אי. א. אזוי לאנג ווי זי האלט זיך ביי איר אריגינעלער אויפגאבע צו ארגאניזירן די ארבייטער אין די מאסן פראדוקציע אינדוסטריען אין אינדוסטריעלע יוניאנס. אט דעם ציל, איב דאס איז באמת געווען זייער אבזיכט, האבן זיי פאלשטענדיג דערגרייכט. פטור צו ווערן פון דער באשולדיגונג, אז דזשאהן לואיס איז א דיקטאטאר, האבן די פירער באשלאסן צו האלטן א קאנווענשאן און ארגאניזירן זיך מיט א דעמאקראטישער פארוואלטונג. די סי. אי. א. האט אויך גלייך געמאכט דעם ערשטן שריט צו דעמאקראטיזירן די קערפערשאפט דורך באשטימען הילמאן און מארער אלס וויס־פרעזידענטן.

און מען טאר ניט פארקוקן דעם פאקט, אז אין דער הינזיכט האבן די „דיי־הארדס" פון דער א. פ. או ל. אפגעהאלטן א פולן זיג. עס איז פאר קיינעם קיין סוד ניט, אז אין ביידע לאגערן זיינען געווען מענשן וועלכע האבן געזוכט די שפאלטונג אין דער טרייד יוניאן באוועגונג צו פארברייטערן און פארטיפן. צו דאס איז געווען איבער פערזענליכע שנאה און דערווארטונגען, אדער איבער אן אויפריכטיגן גלויבן אין זייערע אייגענע פרינציפן, מאכט ניט קיין אונטערשיד. קיינער פון די צוויי צדדים האט אבער ניט געוואלט זיין דער ערשטער צו מאכן דעם שריט פון א פולער שפאלטונג. יעדער צד האט געוואונשען, אז דער געגנער זאל מאכן דעם שריט. און ניט נאר געוואונשען, נאר יעדער האט געטאן וואס עס איז געווען מעגליך צו פראוואצירן דעם צווייטן צו שפאלטן ענדגילטיג די טרייד יוניאן באוועגונג. אט די טאקטיק איז געווען קענטיג אין דער צייט פון דער קאנווענשאן פון דער א. פ. או ל. ווען זיי האבן ניט אויסגעשלאסן די סי. אי. א. יוניאנס, נאר האבן געגעבן דעם עקזעקוטיוו קאונסיל די פולמאכט צו טאן עס. פונקט אזוי האט אויך געהאנדלט די קאנווענשאן פון די מיינערס יוניאן איבער די קלאגען געגען פרעזידענט גרין. איצט האט דער עקזעקוטיוו קאונסיל אויסגעפירט. די סי. אי. א. האט געמאכט דעם ערשטן שריט פאר דער שפאלטונג. די פאזיציע פון דער סי. אי. א. איז דורך דעם שטארקער ניט געווארן.

## די כחות פארהעלטנים פון די צוויי צדדים.

איצט, ווען די עקזיסטענץ פון צוויי קאנקורירענדע און זיך געגנזייטיג באקעמפענדע טרייד יוניאן קערפערשאפטן אין אמעריקע שיינט צו זיין א געשעהענער פאקט, איז צייטליך אפצוגעבן זיך א געטרייען חשבון פון די כחות פארהעלטניסן פון די צוויי צדדים. אין אזא צייט איז פארבלענדעניש און זעלבסט־נארעריי געפערליך.

אויף דער פאזיטיווער זייט פון דער סי. אי. א. דארף פארשריבן ווערן איר יונגקייט און אגרעסיווקייט. די סי. אי. א. האט באוויזן אין א פארהעלטניסמעסיג קורצער צייט פון ארום צוויי יאר, צו ארגאניזירן א גרויסן טייל פון די ארבייטער אין די מאסן פראדוקציע אינדוסטריען, וועלכע זיינען פריהער געווען אומארגאניזירט. איבערשעצן אבער די דערגרייכונגען, ווי מאנכע פריינד פון דער סי. אי. א. טוען עס, טאר מען ניט. ווען מען רעדט פון מיליאנען ארבייטער, וואס די סי. אי. א. האט ארגאניזירט, מוז מען האבן אין זינען, אז ארום א העלפט פון דער צאל, אדער מער, זיינען אין אלטע יוניאנס, וואס זיינען געווען פעסט נאך איידער די סי. אי. א. איז ארגאניזירט געווארן און אפילו זייער צוּוואוקס דורך די לעצטע צוויי יאר וואלט סיי ווי געקומען דורך דער אויפלעבונג אין די אינדוסטריען און דורך די געענדערטע געזעצן וואס האבן מעגליך געמאכט פאר די יוניאנס אריינצודרינגען אין פלעצער וואו זיי האבן פריהער ניט געקענט. אזוינע יוניאנס, צום ביישפיל, ווי די יונייטעד מיין ווארקערס, אונזער אייגענע אינטערנעשאנאל, די אמאלגאמייטעד, די גלאז ארבייטער, און א פאר קלענערע יוניאנס, וואלטן איצט געהאט די זעלביגע צאל מיטגלידער וואס זיי האבן אפילו אן דער סי. אי. א.

וואס אמבאלאנגט די יוניאנס וועלכע זיינען אויסגעוואקסן דורך דער סי. אי. א. ווי די אויטאמאביל, שטאל, ראבער און טעקסטיל ארבייטער יוניאנס, איז עס פאר קיינעם קיין סוד נישט, אז דער וואוקס זייערער האט זיך אין די לעצטע עטליכע מאנאטן אפגעשטעלט און אין פילע פאלן איז די צאל מיטגלידער אין די יוניאנס פארקלענערט געווארן. די סי. אי. א. איז געצוואונגען געווארן צוליב דעם שטילשטאנד אין דער אינדוסטרי איינצושרינקען איר ארגאניזאציאנס טעטיגקייט. איבער דער ארבייטסלאזיגקייט געפינען זיך די יונגע יוניאנס אין א שווערע פינאנציעלער לאגע. ווען די אינדוסטריען זאלן צוריק אויפלעבן וועט פילע פון די ארבייטער וואס זיינען פריהער געטאן געווארן מוזן אנגעהויבן ווערן אויף דאס ניי.

פון איין זייט וועט די ארבייט איצט זיין גרינגער. האבענדיג באנייט די אגרימענטס אין די מערסטע שטאל פאבריקן, אין די אויטאמאביל פעקטאריס און אנדערע אונטערנעמונגען, וועט עס גרינגער זיין פאר די יוניאנס צו רעקרוטירן די נייע אדער ארויסגעפאלענע ארבייטער. מען מוז אבער געדענקען, אז אין קיינע פון די אינדוסטריען האבן נים די יוניאנס קיין קלאוזד שאפ.

פון דער צווייטער זייט וועט אבער די ארגאניזאציאנס ארבייט זיין איצט שווערער. ערשטענס, ווייל מען דארף דערווארטן א סך א שטארקערן ווידערשטאנד פון די א. פ. או ל. יוניאנס און צווייטענס, האבן זיך די בעלי בתים אויסגעלערנט ארומצוגיין דעם געזעץ דורך פארשטעלטע קאמפאני יוניאנס, וועלכע פיגורירן אלס אומאפהענגיגע יוניאנס. ארום און ארום דארף מען ערווארטן, אז אויב ניט שווערער, גרינגער וועט די אויפגאבע זיכער ניט זיין אין דער צוקונפט.

די א. פ. או ל. איז זיכער אויך ניט אין א פיל בעסערער לאגע צו זיין ערפאלגרייך אונטער די אומשטענדן וואס זיינען געשאפן געווארן דורך דעם איינערליכן קריג. עס איז אמת, אז פינאנציעל זיינען אפשר די א. פ. או ל. יוניאנס אביסעל בעסער אפ. די יוניאנס זיינען אלטע און פעסט איינגעפונדעוועטע. די מערסטע פון זיי האבן גאנץ היבשע קאסעס. דערצו ווייזן ארויס די אינדוסטריען וואו די א. פ. או ל. יוניאנס זיינען שטארק, ווי למשל, די בילדינג טריידס, א שנעלערע אויפלעבונג ווי די מאסן פראדוקציע אינדוסטריען. אויף דער נעגאטיווער זייט פאר די יוניאנס דארף אבער פארצייכנט ווערן זייער פארשלאפנקייט, זייער מאנגעל אין ענערגי און די אינערליכע יורידיקציע רייסערייען וואס שוואכט שטארק אפ די יוניאנס. און וויכטיגער פון דעם אלעמען איז דער מאנגעל אין צוטרויען וואס די ניט ארגאניזירטע ארבייטער אין זייער גרעסטער מערהייט ווייזן ארויס צו דער א. פ. או ל. עס איז א פאקט, אז פון דער גאר גרויסער צאל אפשטימונגען וואס זיינען לעצטנס דורכגעפירט געווארן פון דער נעשאנאל לעיבאר רילעישאנס באארד צו באשטימען ווען די ארבייטער ווילן אלס זייערע פארטרעטער אין פארהאנדלונגען מיט זייערע ארבייטסגעבער, איז די א. פ. או ל. ארויס זיגרייך בלויז אין א פאר געציילטע פאלן. די גרעסטע מערהייט האט געשטימט פאר די סי. אי. א. יוניאנס. אונטער די אומשטענדן קען מען ניט ערווארטן אז די א. פ. או ל. זאל קענען פיל

---

גריכישע פאראייניגן", און פראטעסטירט געגען דעם וואס דער אינטערנאציאנאל האט די גריכישע יוניאנס אויסגעשלאסן פון זיינע רייהען.

צו פארשטיין דעם פראטעסט דארף מען האבן אין זינען, דאס אזוי שנעל ווי דער פאשיסטישער דיקטאטאר מעטאקסאס האט פארכאפט די מאכט אין גריכענלאנד, האט ער גענומען נאכמאכן היטלער׳ן און מוסאליני׳ן און זיך געשטעלט אויפ׳ן וועג פון סאציאלער דעמאגאגיע. נאך זיין זיג האט ער ניט פאנאנדערגעלאזן די יוניאנס, ניט פארבאטן זיי. ער האט בלויז ארעסטירט זייערע פירער, די צענטראלע און די לאקאלע, און באשטימט אויף זייער פלאץ אייגענע מענשן אלס „ציטווייליגע בעאמטע". נאך א לענגערער צוגרייטונג, האט איצט זיין צענטראלער קאונסיל פון דער לייבאר פעדערעישאן צוזאמענגערופן א נאציאנאלע קאנווענשאן פון די רעארגאניזירטע יוניאנס. צום צוזאמענקונפט זיינען געקומען בלויז די פון אויבן באשטימטע פאשיסטישע „יוניאן פירער", וועלכע זיינען אויף אזוי פיל לאיאל צו דעם דיקטאטאר, דאס זיי האבן אים ערוויילט זאגאר אלס ערן־פרעזידענט פון צוזאמענפאר. און אט די דאזיגע קאנווענשאן האט דאס געפונען ביי זיך גענוג חוצפה צו פראטעסטירן געגען דעם וואס די ארבייטער וועלט קוקט אויף די איצטיגע „יוניאנס" אין גריכענלאנד ווי אויף קאמפאני יוניאנס און ניט ווי אויף פרייע ארגאניזאציעס פון ארבייטער קלאס. די פראטעסט־רעזאלוציע איז אדרעסירט צו אלע לאנד־צענטראלעס, וואס באלאנגען צום טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל און פאדערט זיי אויף אז זיי זאלן ווירקן אויף דער עקזעקוטיוו קאמיטע, דאס זי זאל צוריקרופן איר באשלוס.

# אין דער וועלט פון ארבייט



ו דעם ספעציעלען צוזאמענקונפט וועגען דער מלחמה געפאר און דעם פאשיסטישען אנגריף אויף עסטרייך און שפאניע, וואס די צוויי ארבייטער אינטערנאציאנאלען האבען צוזאמענגערופען, זיינען געקומען 120 דעלעגאטען.

די מערהייט פון זיי האבען פארטראטען די טרייד־יוניאן באוועגונג פון איינצעלנע לענדער און פון אינטערנאציאנאלע סעקרעטאריאטען פון באזונדערע אינדוסטריען, אויף וועלכע די פראפעסיאנעלע באוועגונג פון דער וועלט איז צוטיילט. צווישען זיי האבען זיך געפונען, אחוץ די בעאמטע פון טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל, פארטרעטער פון 12 לאנד צענטראלעס און פארשטעהער פון 14 אינטערנאציאנאלע סעקרעטאריאטען.

וואס אנבאלאנגט דעם סאציאליסטישען אינטערנאציאנאל, איז ער אויפ'ן דזשאינט מיטינג געווען פארטראטען דורך דעלעגאטען פון 20 סאציאליסטישע און ארבייטער פארטייען.

דער מיטינג איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע אין דער געשיכטע פון דער ארבייטער באוועגונג פון די לעצטע יארען. די פירער פון אלוועלטליכען פראלעטאריאט האבען דאס מאל זיך ניט באנוגענט מיט אלגעמיינע רעזאלוציעס וועגען דער געשאפענער לאגע.

צוזאמען מיט פרינציפיעלע דעקלאראציעס וועגען פאליסים און דירעקטיוען וועגען רעליף קאמפיינס, האט דער צוזאמענפאר דאס מאל אויך אנגענומען א רעזאלוציע מיט פראקטישע רעקאמענדאציעס צו די ארגאניזירטע ארבייטער פון איינצעלנע לענדער, ווי צו האנדלען אין דעם מאמענט און מיט וועלכע מיטלען צו באקעמפען די דראהענדע פאשיסטישע געפאר.

די רעזאלוציע איז דעבאטירט געווארען זייער גרינדליך. די דעבאטע וועגען איר האט אנגעהאלטען גאנצע צוויי טעג און איז אנגענומען געווארען איינשטימיג. בלויז צוויי דעלעגאציעס — די צוויי פארשטייער פון עסטרייך און דער פארטרעטער פון „בונד" אין פוילען האבען זיך אפגעהאלטען פון שטימען.

אנצייכענענדיג די פאליסיס וואס די ארגאניזירטע ארבייטער אין פארשידענע איירָאפעאישע לענדער — ספעציעל אין פראנקרייך און ענגלאנד — דארפען איצט פירען, פארענדיגט די רעזאלוציע מיט א זאץ, וואס רירט אן אויך אונז, אמעריקאנער ארבייטער:

„בלויז דורך שנעלע און ענערגישע אקציעס פאר שלום און פאר דער באשיצונג פון נאציאנאלער אומאפהענגיקייט פון איינצעלנע פעלקער, קענען די דעמאקראטישע לענדער פון איראפע ארויסרופען אן אקטיווען אינטערעס מצד אמעריקע — א זאך וואס איז אין דעם מאמענט אויסערגעווינליך ווינשענסווערט. די צוויי אינטערנאציאנאלען דענקען, דאס עס איז נאך ניט צו שפעט, דאס מען קען נאך אויסמיידען א נייעם וועלט־קריג. פאר דעם אבער איז נויטיג, אז אלע פראלעטארישע און אלע דעמאקראטישע כחות זאלען זיך באלד און ענערגיש נעמען פאר דער ארבייט. זיי ציען די אויפמערקזאמקייט פון די ארבייטער פון דער גאנצער וועלט צו דער שרעקליך ערנסטער לאגע און רופען זיי אנצושטרענגען אלע זייערע כחות פאר דער באשיצונג פון וועלט־פרידען".

* * *

דער „סאציאליסטישער און ארבייטער אינטערנאציאנאל" האט דעם 28טען מארטש ערהאלטען אן אפליקאציע פון דער ארבייטער פארטיי אין נארוועגיע.

אין דער אפליקאציע ווערט אנגעוויזען דאס דער נייער מיטגליד פון אינטערנאציאנאל ציילט איצט 150 טויזענט מיטגלידער און 3200 ברענטשעס. זי דערמאנט אויך אז אין די לעצטע פארלאמענט וואהלען האט די לייבאר פארטיי געצויגען 41 פראצענט פון אלע שטימען, וואס זיינען אפגעגעבען געווארען אין אלע דארפישע דיסטריקטען פון נארוועגיע, און 46 פראצענט — אין די שטעטישע דיסטריקטען. פון די 150 דעפוטאטען אין פארלאמענט זיינען 70 מיטגלידער פון דער לייבאר פארטיי.

שוין דריי יאר — זינט מארטש 1935 — ווי די נאציאנאלע רעגירונג פון נארוועגיע באשטייט אויסשליסליך פון ארבייטער פארטרעטער.

אגב, אין דער רעקארד פון דער רעגירונג אזעל־נער. דאס פראגרעסיווע טוער פון דער גאנצער וועלט

וואס עס הערט זיך אין דער ארבייטער־באוועגונג אין פארשיידענע לענדער פון דער וועלט

**פון מארק כינאי.**

קומען איצט קיין אסלא זיך לערנען פון דער נארוועגישער ערפארונג. זיי קומען קיין אסלא און קיין סטאקהאלם און קאפענהאגען, די הויפט שטעט פון די צוויי אנדערע סקאנדינאווישע לענדער, וואו די ארבייטער קאנטראלירען די רעגירונג און וואו דער רעקארד פון דערגרייכונגען איז אויך אויסערגעווינליך גרויס.

די היטלער אפענסיווע אין צענטראל איירָאפע האט איצט געצוואונגען די רעגירונגען פון די דריי דערמאנטע סקאנדינאוויטע לענדער צו פאראייניגען זיך אין אן עקאנאמיש־מיליטערישען בונד, אן וועלכען עס האבען זיך אנגעשלאסען די דעמאקראטישע רעגירונגען פון פינלאנד און האלאנד. די פינף לענדער זיינען אלע פארהעלטניסמעסיג קליין און שוואך, ווען מען לאזט זיי איבער צו זייער אייגענעם שיקזאל. ווען אבער זיי זיינען פעדעראטיוו פאראייניגט אין איין מיליטעריש־פאליטישען און עקאנאמישען בונד, שטעלען זיי מיט זיך פאר א קראפט, מיט וועלכער זייערע פאשיסטישע שונאים וועלען זיך מוזען רעכענען.

## פאטריאטיזם און אנטי־מיליטאריזם אין יאפאן.

דער זעקסטער קאנגרעס פון די יאפאנישע טרייד־יוניאנס, וואס איז אנומלט אפגעהאלטען געווארען אין אסאקא, האט אן איבעריגען מאל באטאנט די שוואכקייט פון דער ארגאניזירטער ארבייטערשאפט אין פארגלייך מיט דער ריזיג אויסגעוואקסענער מאדערנער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט.

אין דער צייט ווען די יאפאנעזישע פאבריקען מעהרען און ענטוויקלען זיך מיט א שנעלקייט, וואס, אויסער רוסלאנד, האט זי ניט קיין גלייכען אין דער געשיכטע פון קיין אנדער לאנד; אין דער צייט ווען די צאל אינדוסטריעלע לוין־ארבייטער איז אין א פארהעלטניסמעסיג קורצער צייט אויסגעוואקסען אין א מיליאן־קעפיגע ארמיי, — איז די צאל יוניאן ארבייטער דארט נאך אלץ אויסערגעווינליך קליין — קוים 400 טויזענד, און אפילו די 400 טויזענד זיינען ניט אלע אנגעשלאסען אן דער צענטראלער טרייד־יוניאן קערפערשאפט.

צו דער לעצטער, ווי עס איז צו זעהן פון די באריכטען, וואס קאמיא, גענעראל סעקרעטער פון דער צענטראלע, האט פארעפענטליכט, באלאנגען בלויז 269,492 דיוס־צאלענדע מיטגלידער.

צווישען די אנגעשלאסענע יוניאנס איז די שטארקסטע דער מאטראסען־פאראיין, מיט א מיטגלידערשאפט פון 106 טויזענט. א צווייטע גרויסע יוניאן איז דער אל־יאפאנעזישער פראפעסיאנעלער פארבאנד, מיט 94 טויזענט מיטגלידער. די איבעריגע זיינען פיל קלענער. צו די לעצטע באלאנגט דער פארבאנד פון די שטאל און אייזען ארבייטער, וואס ציילט ווייניגער ווי 15 טויזענט מיטגלידער.

עס איז אבער כאראקטעריסטיש פאר דער משוגענער צייט, וואס די מענשהייט מאכט איצט דורך, דאס אפילו די קליינע און שוואכע פעדערײשאן או לייבאר, וואס געניסט אין יאפאן די רעפוטאציע פון א זייער ראדיקאלער ארגאניזאציע, איז אין דער אמת'ן זייער פאטריאטיש געשטימט.

די רעזאלוציעס, וואס זיינען אנגענומען געווארען אויף דעם לעצטען קאנגרעס, שפיגלען אפ א זעהר שטארקע „פאטריאטיש־אימפעריאליסטישע שטימונג". זיי כשר'ן דעם אנגריף אויף כינע און שטיצען די גאנצע בלוטיגע אוואנטורע אין דער כינעזישער אימפעריע.

אין איין רעזאלוציע ווערט אויסגעדריקט א דאנק דער קייזערליכער ארמיי פאר אירע אפעראציעס אין כינע. אין א צווייטער ווערט געזאגט, דאס די ספעציעלע מיסיע פון די יאפאנעזישע יוניאנס אין דעם איצטיגען אויסערגעווינליך ערנסטען מאמענט, באשטייט אין פארוואנדלען דעם נאציאנאלען פאטריאטיזם, די ליבע צום פאטערלאנד אין א לעבעדיגער ווירקליכקייט.

די שאוויניסטישע חיינטען, וואס האבען געבלאזען לעצטענס אין יאפאן, זיינען אבער, ווי עס שיינט, געווען אזוי שטארק, דאס אפילו די דאזיגע פאטריאטישע דע־קלאראציעס זיינען ניט געווען גענוג אין די אויגען פון די מעהר פארפירטע און ניט אויפגעקלערטע מאסען. די יוניאנס, וואס האבען אנומעלט פארלאזען די פעדערײשאן או לייבאר, האבען אזוי געהאנדעלט, ווייל זיי גלויבען דאס די אפיציעלע פירערשאפט פון דער פעדערײשאן או לייבאר איז ניט גענוג פאטריאטיש.

די פארלאמענט פירער פון דער לייבאר פארטיי זיינען ביז איצט געווען די איינציגע, וואס האבען געוואגט צו שטימען געגען שטראם און אויסגעדריקט זייער אפאזיציע צו דער כינעזישער אוואנטורע. זיי האבען אבער טייער באצאלט פאר זייער מוטיגען טהאט. א צאל פון זייערע הויפט־פירער זיינען ארעסטירט געווארן פון דער רעגירונג און אריינגעשליידערט געווארען אין די אזוי אויך איבערגעפאקטע טורמעס.

## פראנצויזישע מאינערס שטיצען פאלקס־פראנט.

די פעדעראציע פון די פראנצויזישע מאינערס האט אנפאנג אפריל אפגעהאלטען איר יערליכע קאנווענשאן. די קאנווענשאן האט זיך געעפענט פונקט דאן ווען דאס לאנד האט דורכגעמאכט א שווערען פאליטישען קריזיס צוליב דעם קאמף וואס די רעאקציאנערע מערהייט פון סענאט האט געפירט געגען דער צווייטער רעגירונג פון דעם סאציאליסטישען פאלקס־פראנט פירער, לעאן בלום.

צווישען די 200 יוניאנס און 300 טויזענט מיטגלידער פון דער פעדעראציע זיינען דא פארטרעטער פון אלע ריכטונגען אין דער ארבייטער באוועגונג — פון עקסטרים רעכטס ביז עקסטרים לינקס. עס איז דעריבער נאטירליך דאס די פאליטישע וועלט האט מיט גרויס אינטערעס געווארט אויף דער שטעלונג וואס די קאנווענשאן וועט נעמען. די שטעלונג איז טאקע גענומען געווארען שוין אינ'ם ערשטען טאג פון דער זיצונג. די קאנווענשאן האט איינשטימיג זיך ארויסגעזאגט פאר דער פאלקס־פראנט רעגירונג און געגען די אנטי־פראגרעסיווע מאכינאציעס פון סענאט.

צו דער קאנווענשאן זיינען געקומען פראטוירנעל דעלעגאטען פון די ארגאניזירטע מאינערס אין בעלגיע און ענגלאנד.

## א גרוס פון האלב־פאשיסטישער אונגארן.

אין מיין איבערבליק פון דער איירָאפעאישער טרייד־יוניאן באוועגונג קומט מיר אויס גאנץ זעלטען צו דערמאנען די פראפעסיאנעלע באוועגונג פון דער האלב־פאשיסטישער אונגארן. דאס איז פילייכט דערפאר וואס די באדינגונגען, אונטער וועלכע די ארבייטער אין אונגארן קעמפען פאר זייערע עקאנאמישע אינטערעסען, זיינען אויסערגעווינליך שווערע און דער פאליטישער רעזשים איז אזא דאס עס קען דארט קיין פראגע ניט זיין פון שנעלען פארשריט אדער זאגאר פון אזעלכע דראמאטישע פאסירונגען וואס בעטען זיך פארצייכענט צו ווערען.

די אונגארישע באוועגונג האט אבער הינטער זיך אזעלכע טיפע קאמפס־טראדיציעס, דאס אפילו דאן ווען אן איינפאכער סטרייק ווערט פונ'ם געזעץ באטראכט פאר א פארברעכען געגען דער מלוכה־ארדנונג, געלינגט די ארבייטער אנצוהאלטען זייערע עקאנאמישע פאזיציעס, און אפט זאגאר צו ערווערבען בעסערע.

דאס האט מען געקענט זעהן ביי דעם ספעציעלען טרייד־יוניאן קאנגרעס וואס די אונגארישע פאראיינען האבען מיט איניגע וואכען צוריק אפגעהאלטען. צום קאנגרעס זיינען געקומען פארטרעטער פון 36 צענטראלע יוניאן קערפערשאפטען. אין צענטער פון די פארהאנדלונגען איז געשטאנען דער קאמף פאר אן אכט־שטונדיגען ארבייטס־טאג פאר אינדוסטריעלע ארבייטער און פון א 40־שטונדיגער ארבייטס־וואך פאר די אפיס־אנגעשטעלטע. אבער אמת דראמאטישע מאמענטען האט דער צוזאמענקונפט פארצייכענט ביי דער דיסקוסיע וועגען דעם פאליטישען רעזשים פון לאנד. דער צוזאמענפאר האט אנגענומען א שארפע פראטעסט־רעזאלוציע געגען די פאליציייאישע פארפאלגונגען אויף די טרייד־יוניאנס און ארויסגערוקט די פאדערונג פון אבסאלוטער פרייהייט פאר דער פראפעסיאנעלער באוועגונג.

## די גריכען פראטעסטירען.

א משיקערען פראטעסט האט די ביורא פון טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל ערהאלטען פון גריכענלאנד. די רעזאלוציע קומט פון „אכטען קאנגרעס פון די

רעזולטאַט האָט עס געמוזט אין גאַנצען איבערגעטאַשט און געענדערט ווערען.

פריהער איז דער פּאַראייניגטער פראָנט באַשטאַנען פון דריי גרופּען: די פּראָגרעסיווע, צו וועלכער עס האָבען באַלאַנגט סאָציאַליסטען; די רענק און פייל, פון קאָמוניסטען און די ל. דאַבליו סאָסייעטי, אַ לאָקאַלע טרייד יוניאָן גרופּע. די דריי גרופּען זיינען געווען אין דער פאַרוואַלטונג פון דער יוניאָן אין ניו יאָרק און אויך אין דער אינטערנעשאַנאַל. אַ שטיקעל צייט האָט עס געאַרבייט ניט שלעכט און אַ דאַנק דער רואיגקייט אין דער יוניאָן איז עס געלונגען צו באַפעסטיגען אַ ביסעל די פּאָזיציע פון דער יוניאָן אין טרייד און אָרגאַניזירען די אַרבייטער אין עטליכע אַנדערע צענטערס.

לעצטענס אָבער, האָבען זיך די סאָציאַליסטען אַרומגעזען, אַז די קאָמוניסטען פאַרשפּרייטען אַ ביסעל צו הייפעריג זייער איינפלוס אין דער יוניאָן. עס האָבען זיך אָנגעהויבען רייסערייען און די סאָציאַליסטישע גרופּע האָט צוגעצויגען אַן אַנדער גרופּע וועלכע איז פריער ניט געווען אין דער קאָאַליציע און געזוכט אַזוי אַרום איינצאַמען דעם אַפּעטיט פון דער קאָמוניסטישער גרופּע. אַ ווײַלע האָט עס אויסגעזען, אַז עס איז ווידער געלונגען איינצושטעלען אַ גלייכגעוויכט פון כחות און דער פאַראייניגטער פראָנט וועט ווייטער אָנגיין. באַלד אָבער איז קלאָר געוואָרען, אַז די קאָמוניסטען האָבען דאָ אָפּגעשפּילט די סאָציאַליסטען אַ שפּיצעל. זיי האָבען נעמליך געמאַכט אַ דיל מיט דער פערטער גרופּע צוריקצוברייגען אָסיפּ וואַלינסקי אין דער פּאַקעטבוק־מאַכער יוניאָן און אַזוי אַרום אַרויסבייסען די סאָציאַליסטען וועלכע קענען באַין אופן ניט צושטימען צו וואַלינסקי'ס צוריקקומען, נאָכדעם ווי ער איז געצוואונגען געווען צו רעזיגנירען פון דער יוניאָן אונטער ערנסטע קלאָגען.

דער רעזולטאַט איז, אַז דערווײַלע האָבען די קאָמוניסטען געהאַט אַ זיג. זיי זיינען פאַרבליבען אין דער פירערשאַפט און די סאָציאַליסטען האָבען פאַרלאָרען. דער זיג איז אָבער אַזוינער, אַז די זיגער שטאָלצירען ווייניג דערמיט. פאַרקערט זיי פּרובירען לייקענען, אַז זיי זיינען איינגעגאַנגען אויפ'ן אָפּמאַך צוריקצוברייגען וואַלינסקי'ן. אָבער וואָס העלפט דער לייקענען? פאַקטען זיינען פאַקטען און פון אַזוינע זיגען קומט קיין געזונט ניט צו.

אַן ענליכע געשיכטע איז פאָרגעקומען אין דער ווייטערס יוניאָן, לאָקאַל 16. כדי צו קענען זיך אַריינכאַפּען אין דער פאַרוואַלטונג פון לאָקאַל, טראָץ דעם וואָס די אַדמיניסטראַציע, וועלכע האָט באַקעמפט די רעקעטירס אין דער יוניאָן, האָט זיך אָנגזאָגט צו מאַכען שותפות מיט זיי, האָבען די קאָמוניסטען זיך פאַראייניגט מיט די אָנהענגער און נאָכפאָלגער פון דער קאָלטשער אַדמיניסטראַציע און געוואונען די וואַלען אין לאָקאַל. ווען מען רעדט פון „פּראַקטישער פּאָליטיק" און „פאַראייניגטען פראָנט" איז דאָך ניט שייך...

## אַמאַלגאַמייטעד און פּאַקעטבוך מאַכער יוניאָנס גרייטען זיך צו קאָנווענשאָנס.

די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס יוניאָן וועט אָפּהאַלטען די צוויי־יעריליכע קאָנווענשאָן אין אַטלאַנטיק סיטי, אָנפאַנגענדיג דעם 9טען מאַי. די אַמאַלגאַמייטעד קומט צו דער קאָנווענשאָן מיט אַ שטאַרק פאַרגרעסערטער מיטגלידערשאַפט, ספּעציעל פון די נייע בראַנטשעס וואָס זי האָט געטשאַרטערט דורך דעם לעצטען יאָר, וועלכע וועלען אַלע זיין פאַרטראָטען ביי דער קאָנווענשאָן פון דער אַמאַלגאַמייטעד צום ערשטען מאָל. די נייע טיילען זיינען די סוספּענדער און גלאָוו אַרבייטער, די קלינערס און דייערס און די לאָנדרי אַרבייטער, וועלכע די אַמאַלגאַמייטעד האָט אַרונטערגענומען אונטער איר יורִיסדיקציע.

די לאַגע אין דער מענער קליידער אינדוסטריע איז ניט איבעריג גוט. דורך דעם לעצטען יאָר האָט די אינדוסטרי געקראָגען אַ גרעסערען חלק אַרבייטסלאָזיגקייט ווי זי וואָלט פּראָפּאָרציאָנעל באַדאַרפט האָבען. אַלס רעזולטאַט פון דער אַרבייטסלאָזיגקייט האָט זיך ביי די בעלי בתים שטאַרק פאַרשאַרפט דער אַפּעטיט צו שניידען ווייִדזשעס. זיי ווילען עס קריגען דווקא אָפיציעל. אַזוינע פאָדערונגען פאַר לויד־שניטען זיינען אַריינגעקומען פון די בעלי בתים עטליכע מאָל אין די לעצטע עטליכע מאָנאַטען. די יוניאָן האָט דעם פאַרלאַנג זייערען צוריקגעוויזען. דעם מאָנאַט האָט די ספּעציעלע ווייִדזש קאָמיטע פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיווע ווידער אָפּגעהאַלטען אַ קאָנפערענץ מיט פּרעזידענט הילמאַן וועגען דער פראַגע, און הילמאַן האָט ערקלערט, אַז די יוניאָן וועט ענדגילטיג צוריקווייזען די פאָדערונג פון די בעלי בתים צו שניידען שכירות, ווייל דאָס וועט שעדיגען ניט בלויז די אַרבייטער נאָר אויך דער גאַנצער אינדוסטרי.

אויך די פּאַקעטבוך־און לאַגעדזש אַרבייטער אינטערנעשאַנאַל יוניאָן וועט אין מאַי האָבען אַ קאָנווענשאָן. די פּאַקעטבוך־מאַכער האָבען ערשט געקראָגען דעם טשאַרטער אַלס אינטערנעשאַנאַל יוניאָן לעצטען יאָר. זינט דאַמאָלט איז די יוניאָן גאַנץ שטאַרק אויסגעוואַקסען מיט לאָקאַלען אין פאַרשיידענע שטעט. לעצטענס האָבען זיך אָן דער אינטערנעשאַנאַל אויך אָנגעשלאָסען די לאַגעדזש אַרבייטער פון דער איסט, וועלכע זיינען ביז איצט געווען זעלבסשטענדיג. די יוניאָן האָט שוין איצט אַרום צען טויזענט מיטגלידער אין די לאָקאַלס אויסער ניו יאָרק.

## פּאַריערס יוניאָן הייבט אָן מאַכען אינדעפּענדענט סעטעלמענטס.

די פּאַריערס יוניאָן האָט דורך דעם מאָנאַט ענדליך דערקלערט אַ דזשענעראַל סטרייק אין טרייד אַלס ענטפער אויף דעם לאָקאַוט וואָס די באָסעס האָבען געמאַכט געגען די אַרבייטער אין פעברואַר. אַלע פאַרזוכען פון דער סטעיט לייבאָר באָרד צונויפצוברייגען די צדדים און סעטלען דעם סטרייק האָבען זיך געענדיגט מיט גאָרניט. ביי די קאָנפערענצען האָט מען זיך שוין איין מאָל כמעט געאייניגט אויף באַדינגונגען, וועלכע זיינען געווען אַ קאָמפּראָמיס פון די אָריגינעלע יוניאָן פאָדערונגען. די עקזעקוטיווע פון דער אַסאָסיאיישאָן האָט אָבער די באַדינגונגען צוריקגעוויזען.

איצט אָטאַקירט די יוניאָן, און זי פּרובירט שליסען אינדעפּענדענט אַגרימענטס מיט איינצעלנע בעלי בתים.

# ווינעפּעגער קלאָוקמאַכער „ביזי"

פון ס. הערבערט.

מענעדזשער פון לאָקאַל 216.



ווען די שורות ווערען געשריבען, זיינען די קנאַפּע זיבען הונדערט קלאָקמאַכער אין ווינעפּעג שטאַרק באַשעפטיגט ביי דער אַרבייט. עס איז איצט אַזוי שטאַרק ביזי אין דער אינדוסטריע, אַז אין איניגע שעפּער פילט זיך אַ מאַנגעל אין אַרבייטער הענט און דער רעזולטאַט איז, אַז עס קומט זיי איצט אויס צו אַרבייטען אַ היבש ביסעל אָווערטיים.

דער סעזאָן פאַר פרילינג גאַרמענטס האָט זיך אָנגעפאַנגען ווי אַלעמאָל אין יאַנואַר. די אַרבייט איז ווי געוויינליך פון אָנפאַנג סעזאָן געווען לאַנגזאַם. פּלוצלונג איז געשען אַ נס, און ס'איז מיט אַמאָל געוואָרען זייער „ביזי" אין דער קלאָוק מאַנופעקטשורינג אינדוסטריע אין ווינעפּעג.

איך זאָג אַ „נס", ווייל אין ווינעפּעג איז דאָס אַ זעלטענער צופאַל. ווינעפּעג איז אַ שטאָט, וועלכע איז באַוואוסט פאַר איר שפּעטיגען פרילינג סעזאָן. אין מאַי מאָנאַט קאָן דאָ דער וועטער אָפטמאָל אַ שפּיצעל און באַדעקען די שטאָט מיט אַ היבשען שניי, און בכלל זיינען דאָ די פרילינגס שפּעטע און קילע. אַנדערש איז אָבער היינטיגס יאָר, ווען דער פרילינג האָט זיך דאָ אָנגעפאַנגען פּאַקטיש ענדע פעברואַר, און דער וועטער האָט אָנגעהאַלטען זייער וואַרים דעם גאַנצען מאָנאַט מאַרטש. צוליב דעם וואַרימען וועטער אַזוי פריה אין פרילינג סעזאָן, איז געוואָרען אַ שטאַרקע פאָדערונג אויף פרילינג קליידער און דאָס האָט פאַראורזאַכט אַן אומדערוואַרטעטע פּראָספּעריטע ביזי אין דער קלאָוק אינדוסטריע. די רעדער דרייען זיך העפטיג אין אַלע קלאָוק שעפּער — קורץ, עס איז אַ גוטער פרילינג סעזאָן אין ווינעפּעג. מען אַרבייט שוין 14 וואָכען און אויב דער „קראָפּ" וועט זיין אַ גוטער אין די פּריירי פּראָווינצען פון קאַנאַדע, וועט דער הערבסט סעזאָן אויך זיין אַ גוטער. לאָמיר האָפען אויף דאָס בעסטע!

אונזער לאָקאַל שטעהט איצט זייער פעסט. ס'איז איבעריג צו זאָגען, אַז דער קלאָוקמאַכער טרייד איז דאָ הונדערט פּראָצענט אָרגאַניזירט. ניט געקוקט אויף דעם וואָס אונזער יוניאָן לאָקאַל איז נאָך זייער יונג, איז ער דאָך זייער קרעפטיג. די אַרבייטער זיינען אויסערגעוויינליך לאָיאַל צו זייער יוניאָן. אַלע קלאָוקמאַכער זיינען גוטשטייענדיג מיט זייער דיוס אין דער יוניאָן און זיי היטען אָפּ די יוניאָן מיט אירע פּרינציפּען, אַזוי ווי די אויגען אין קאָפּ.

אונזער יוניאָן אָפיס איז אַ ביזי פּלאַץ. די קלאָוקמאַכער זיינען איבערגעגעבען און אַלע ווייזען אַרויס גרויס אינטערעס אפילו אין דער מינדסטער פראַגע.

די אינגערע קלאָוקמאַכער פאַרנעמען זיך אויך מיט פאַרשידענע ספּאָרטס. די בייזבאָל טימס פון אונזער לאָקאַל גרייטען זיך פאַר'ן זומער סעזאָן, און מיר ערוואַרטען אַ סעריע אינטערעסאַנטע „גיימס" היינטיגען זומער.

טראָץ דעם וואָס אונזער יוניאָן אַגרימענט מיט די באַלעבאַטים איז נאָך גילטיג ביז דעם 15טען יוני, 1939, דאָס הייסט, איבער אַ יאָר צייט, גרייט שוין איצט די יוניאָן פאַרשידענע פּלענער אויסצואַרבייטען די געהעריגע „סקייל אָוו ווייִדזשעס" פאַר דעם באַנייטען אַגרימענט.

די ווינעפּעגער קלאָוקמאַכער האָפען און דערוואַרטען, אַז אונזער פּרעזידענט דובינסקי וועט זיין דער ליבער גאַסט פון אונזער לאָקאַל היינטיגען זומער.

און נאָך אַ וואונש האָבען די ווינעפּעגער קלאָוקמאַכער — דאָס איז צו זען די פיל געלויבטע פאַרשטעלונג „פּינס ענד נידלס". עס וואָלט געווען זייער ווינשענסווערט, אַז עס זאָל געמאַכט ווערען אַ „מאָווי" פון „פּינס און נידלס". דאָס וואָלט געגעבען אַ געלעגנהייט צו אַלע קלאָוקמאַכער אין אַמעריקע און קאַנאַדע צו זען די סענסאַציאָנעלע אויפפירונג, געשפּילט פון אונזערע ברידער און שוועסטער, פּרויען־קליידער אַרבייטער. אפשר וועט דער חלום פון די ווינעפּעגער קלאָוקמאַכער צו זען „פּינס און נידלס" אויף דער סקרין טאַקע פאַרווירקליכט ווערען.

* * *

דער טריידס און לייבאָר קאָונסיל אין ווינעפּעג, פון וועלכען דער שרייבער פון דעם באַריכט איז אַ מיטגליד פון דעם פּראָווינציעלען עקזעקוטיוו קאָמיטעט, האָט לעצטענס אָנגעפאַנגען אַן אינטענסיווען קאַמפּיין צו אָרגאַניזירען אַלע פאַכען אין שטאָט. אונזער פּרעזידענט דובינסקי איז געווען דער ערשטער צוצושיקען אַ ביישטייערונג צום קאַמפּיין. דער טריידס און לייבאָר קאָונסיל אָנערקענט מיט גרויס דאַנקבאַרקייט פּרעזידענט דובינסקי'ס ביישטייער צו העלפען אָרגאַניזירען די ניט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין ווינעפּעג.

דער ערפאָלג דאָ פון אונזער אינטערנעשאַנאַל האָט אַרויסגערופען צום לעבען די באַוואוסטזיניגע אַרבייטער פון אַלע אַנדערע אינדוסטריען אין שטאָט, און זייער חשק צו יוניאָניזירען זייערע פאַכען איז אומגעהויער גרויס.

לאָמיר האָפען, אַז מיט דער געהעריגער אָנשטרענגונג וועט דעם טריידס און לייבאָר קאָונסיל געלינגען צו דערגרייכען די ווינשענסווערטע רעזולטאַטען.

* * *

דער קאַמפּיין צו אָרגאַניזירען יוניאָנס אין דער דרעס און ניט־גודס אינדוסטריע אין ווינעפּעג גייט אָן זייער לאַנגזאַם. די אַלגעמיינע לאַגע אין די דאָזיגע טריידס איז דערווייל ניט אַמבעסטען. אַ גרויסע שטערונג אין דער אַרבייט צו יוניאָניזירען די דאָזיגע טריידס אין ווינעפּעג איז די שאַרפע קאָנקורענץ פון די דרעס און ניט־גודס מאַנופעקטשורערס פון מאָנטרעאָל, וועלכע פאַרפלייצען דעם היגען מאַרקעט מיט זייערע פּראָדוקטען. די לאַגע איז איצט אַזאַ, אַז מען קען דערווייל ניט זאָגען באַשטימט וועגען די באַלדיגע אויסזיכטען צו אָרגאַניזירען די היגע אַרבייטער אין די צוויי דערמאָנטע פאַכען.

* * *

אויפ'ן פאַרלאַנג פון פּרעזידענט דובינסקי, האָב איך באַזוכט די שטאָט וואַנקאָוווער (אין קאַנאַדע, ביים פּאַסי־פישען ברעג), אין דעצעמבער מאָנאַט, און איך האָב דאָרטען געסעטעלט די פּרייזען מיט די קלאָוק מאַנופעקטשו־רערס פאַר'ן דאָרטיגען לאָקאַל. די קלאָוקמאַכער האָבען געקראָגען פינף און צוואַנציג פּראָצענט אַ העכערונג אין די שכירות. די קלאָוקמאַכער אין וואַנקאָוווער זיינען זייער צופרידען מיט דער אינטערנעשאַנאַל לידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן. דער לאָקאַל יוניאָן אין וואַנקאָוווער איז זייער אַ פיינער. דער דורכשניט עלטער פון די קלאָוקמאַ־כער דאָרטען איז 30 יאָר. די אַלגעמיינע לאַגע אין וואַנ־קאָוווער איז ניט שלעכט. וואַנקאָוווער איז אַ האַפען שטאָט. אַלע אינדוסטריעס דאָרטען שטייגען, און צוזאַמען מיט זיי וואַקסט אונזער אינדוסטריע און עס זיינען פאַר־אויסזיכטען פאַר אַ גרויסען לאָקאַל אין וואַנקאָוווער.

דער אַגרימענט דאָרטען מיט די באַלעבאַטים ווע־זיך ענדיגען היינטיגען יוני מאָנאַט. עס זיינען פאַרהאַן גו־טע אויסזיכטען פאַר אַ גינסטיגען באַנייטען אַגרימענט — צו פאַרקלענערען די אַרבייטס שטונדען (4 שטונדען אַ וואָך) און פאַר אַ העכערונג אין די שכירות. די באַלע־באַטים פילען דעם כח פון דער אינטערנעשאַנאַל יוניאָן

אויפטאָן אויפ׳ן אָרגאַניזאַציאָנעלען געביט אין דער נאָהענטער צוקונפט.

דער פועל יוצא פון דעם אַלעמען איז, אַז די שפּאַלטונג אין דער טרייד יוניאָן באַוועגונג אין דער איצטיגער צייט איז אַן אומגליק און אַ רואינע פאַר די אַמעריקאַנער אַרבייטער. עס וועט אומפאַרמיידליך שעדיגען אַלע יוניאָנס, סיי די אינדוסטריעלע און סיי די פאַך־יוניאָנס. לײדער, שיינט עס, אַז די טאָן־געבער פון ביידע צדדים זיינען אַזוי פאַרביסען אין זייער געגענזייטיגער שנאה, אַז זיי ווילען און קענען עס ניט איינזען.

## גינסטיגע ענטשיידונגען פאַר די אַרבייטער דורכ׳ן מאָנאַט.

עטליכע וויכטיגע ענטשיידונגען פאַר די אַרבייטער זיינען דורך דעם מאָנאַט אַרויסגעגעבען געוואָרען פון דער נעשאַנאַל לעיבאָר רילעישאַנס באָאַרד און די געריכטען, וועלכע באַפעסטיגען און פאַרטיפען זייער רעכט אונטער דעם וואַגנער אַקט.

די וויכטיגסטע צוויי ענטשיידונגען זיינען געגען די שטאָל קאָמפּאַניס פון „ליטעל סטיל״ אַרום וועמעס פאַבריקען דער סטרייק לעצטעס יאָר איז דערטרונקען געוואָרען אין אַרבייטער בלוט.

לויט דער צאָל אַרבייטער וואָס זיינען פאַרוויקלט אין דער ענטשיידונג און די סומע געלט פאַר צייט פאַרלוסט וואָס זיי קענען מאָנען פון דער קאָמפּאַני, איז די וויכטיגסטע פון די צוויי, די ענטשיידונג געגען דער „ריפּאַבליק סטיל״. די ענטשיידונג איז, אַז די קאָמפּאַני דאַרף צוריקנעמען צו דער אַרבייט יעדען פון די 5,000 סטרייקער, וועלכער וועט זיך ווענדען און פאַרלאַנגען זיין דזשאָב. די קאָמפּאַני מוז זיי אָנשטעלען, אַפילו ווען זי וועט צוליב דעם דאַרפען אָנטזאָגען די סטרייקברעכער וועלכע זי האָט אָנגעשטעלט אויף זייערע פּלעצער. די קאָמפּאַני דאַרף אויך צאָלען שכירות פאַר דער צייט וואָס זיי האָבען פאַרלאָרען, צו 27 אַרבייטער וואָס זי האָט אָנטזאָגט פאַר יוניאָן טעטיגקייט און צו אַלע אַרבייטער פון דער צין פאַבריק, וועלכע איז אָפּגעשטעלט געוואָרען פאַר איין וואָך, כדי צו אָפּהאַלטען די אַרבייטער פון אָנשליסען זיך אָן דער יוניאָן.

פון דעם שטאַנדפּונקט פון שאַפען אַ פּרעצעדענט אָבער איז די ענטשיידונג געגען דער „אינלאַנד סטיל״ וויכטיגער פאַר דער טרייד יוניאָן באַוועגונג, כאָטש דאָרטען האַנדעלט עס זיך ניט אום צוריקנעמען אַרבייטער אָדער צאָלען זיי פאַר צייט פאַרלוסט. די וויכטיגקייט באַשטייט אין דעם, וואָס לויט דער ענטשיידונג טאָר זיך אַן אַרבייטסגעבער ניט אָנטזאָגען אונטערצושרייבען אַן אַגרימענט מיט אַ יוניאָן נאָכדעם ווי זיי קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג וועגען באַדינגונגען. דער סטרייק אין „אינלענד סטיל״ איז געסעטעלט געוואָרען דורך אַ פאַרשטענדיגונג ווען די קאָמפּאַני האָט נאָכגעגעבען די זעלבע באַדינגונגען וואָס די יוניאָן האָט געוואונען פון דער „יו. עס. סטיל קאָרפּאָריישאָן״ אָבער האָט זיך אָנטזאָגט אונטערצושרייבען אַן אַגרימענט. די ענטשיידונג זאָגט, אַז אָנטזאָגען זיך אונטערצושרייבען אַן אַגרימענט מיט דער יוניאָן פון די אַרבייטער נאָכדעם ווי מען אייניגט זיך איז אַ פאַרברעכען געגען דעם וואַגנער געזעץ, ווייל דאָס הייסט זיך אָנטזאָגען צו פאַרהאַנדלען מיט דער פאַרטרעטערשאַפט וואָס די אַרבייטער האָבען אויסגעוועלט.

די ענטשיידונגען האָבען אַרויסגערופען אַ שטורעם אין אַלע רעאַקציאָנערע קרייזען. ביידע פירמעס האָבען אַפּעלירט אין געריכט געגען די ענטשיידונג.

אַן ענליכע אָנטשיידונג ווי אין דעם פאַל פון „אינלאַנד סטיל״, האָט די נעשאַנאַל לעיבאָר רילעישאַנס באָאַרד אויך אַרויסגעגעבען געגען דער „ה. דזש. היינץ קאָ.״ פון פּיטסבורג. דער באַפעל לויטעט, אַז די קאָמפּאַני מוז אונטערשרייבען אַן אַגרימענט מיט דער ברטשער אַרבייטער יוניאָן פון דער אַ. פ. אָוו ל. פאַר די צוויי טויזענט אַרבייטער וואָס זי באַשעפטיגט אין דעם פּיטסבורג פּלענט. די קאָמפּאַני ווערט אויך געאָרדערט אויפצולייזען די קאָמפּאַני יוניאָן, וועלכע זי האָט געלאָזט אָרגאַניזירען אין שאַפּ.

אין דעם געראַנגעל צווישען די סי. אי. אָ. יוניאָנס און די אַ. פ. אָוו ל. אָנערקענט צו ווערען אַלס די איינציגע פאַרטרעטער פון די אַרבייטער אין פאַרהאַנדלונגען מיט די בעלי בתים, האָט די סי. אי. אָ. דעם מאָנאַט געוואונען די עלעקשאַנס אין דער אָפּשטימונג פון די אינשורענס אַגענטען פון דער מעטראָפּאָליטען לייף אינשורענס קאָמפּאַני מיט אַ קליינער מאַיאָריטעט פון 86 שטימען; אין דער מאַגנאַליט עלעקטריק קאָ. פון וואָרען, אָהייאָ, וואו די „יונייטעד עלעקטריק און ראַדיאָ וואָרקערס יוניאָן״ האָט געוואונען פולע אָנערקענונג פאַר אַלע אַרבייטער פון פּלענט; אויף די שיפען פון דער „מיסטיק״ און „מאַגנאָליאַ מעיל״ ליינס, און אין אַ צאָל קלענערע אייזען און שטאָל פאַבריקען. אין דעם פאַל פון דער קאַראַלטאָן מעטאַל פּראָדוקטס קאָמפּאַני, אַ קליינע אייזען פאַבריק אין אָהייאָ, האָט די באָאַרד פריהער ערקלערט, אַז די מאַשיניסטען יוניאָן פון דער א. פ. אָוו ל. האָט געוואונען אַ מאַיאָריטעט אין דער אָפּשטימונג. ווען אָבער די סי. אי. אָ. יוניאָן האָט צוגעשטעלט באַווייזען, אַז די בעלי בתים האָבען זיך געמישט אין די וואַלען פאַר דער מאַשיניסטען יוניאָן, האָט די לעיבאָר באָאַרד בטול געמאַכט די אָפּשטימונג און געאָרדערט נייע וואַלען.

די קאָרט אָוו אַפּילס האָט גוט געהייסען די ענטשיידונג פון דער לעיבאָר באָאַרד, וועלכע האָט באַפוילען דער קאָנסאָלידעיטעד עדיסאָן קאָמפּאַני, פון ניו יאָרק, אָפּצוברעכען דעם אַגרימענט וואָס זי האָט געשלאָסען מיט דער בראָדערהוד אָוו עלעקטריקעל וואָרקערס און אָנערקענען די סי. אי. אָ. יוניאָן אַלס פאַרטרעטער פון אירע אַרבייטער, אויפ׳ן גרונט וואָס די קאָמפּאַני האָט געהאָלפען דער עלעקטרישענס יוניאָן געגען דער סי. אי. אָ. און האָט אָנערקענט די יוניאָן אונטערשרייבענדיג מיט איר דעם אַגרימענט געגען דעם ווילען פון די אַרבייטער. די בראָדערהוד האָט אַפּעלירט געגען דעם אורטייל צום יונייטעד סטייטס סופרים קאָרט.

אַפּילס געגען די ענטשיידונגען פון דער לעיבאָר באָאַרד זיינען דעם מאָנאַט אויך געמאַכט געוואָרען פון דער קאָמפּאַני יוניאָן פון „רעמינגטאָן רענד״, וועלכע האָט אַפּעלירט צו פּרעזידענט רוזוועלט געגען דעם באַפעל, אַז די קאָמפּאַני מוז אָנטזאָגען די דריי טויזענט סטרייק ברעכער און צוריק אָנשטעלען די אָנטזאָגטע סטרייקער, וועמעס פּלעצער זיי האָבען פאַרנומען. די קאָמפּאַני יוניאָן קלאָגט זיך, אַז די אָנטזאָגטע סטרייק ברעכער וועלען ניט האָבען פון וואָנען צו לעבען אויב זיי וועלען פאַרלירען די דזשאָבס...

אין אַן אָפּשטימונג פון די אָנגעשטעלטע פון דער „אייברעהעם און סטראָוס דעפּאַרטמענט סטאָר״ אין ברוקלין, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אונטער דער אויפזיכט פון דעם סטעיט לעיבאָר באָאַרד, האָט די „דעפּאַרטמענט סטאָר אָרגאַנייזינג קאָמיטע פון דער סי. אי. אָ. פאַרלאָרען מיט 1,400 געגען 600 שטימען. קאַרגע צוויי צו איינס האָבען די אָנגעשטעלטע געשטימט געגען וועלכער עס איז יוניאָן זיי צו פאַרטרעטען. די יוניאָן האָט אַריינגעשיקט אַ פּראָטעסט געגען דער אָפּשטימונג, אָנווייזענדיג, אַז די מענעדזשמענט פון דער סטאָר האָבען געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבען געקענט צוריקצוהאַלטען די אַרבייטער פון שטימען פאַר דער יוניאָן.

## דער זיג־סטרייק פון די עלעקטרישע קראַפט־סטאַנציע אָנגעשטעלטע אין מישיגען

איינע פון די מערקווירדיגסטע אַרבייטער סטרייקס אין דער געשיכטע פון אַמעריקע איז דורכגעפירט געוואָרען היינטיגען מאָנאַט אין מישיגען, ווען די אָנגעשטעלטע פון דער סאַגינאָו וואַלי קאָנסומערס פּאַוער קאָ. האָבען פאַרנומען אַלע קראַפט סטאַנציעס וואָס שטעלען צו עלעקטרישע קראַפט צו דעם גאַנצען געגענט. אַנשטאָט אָפּצושטעלען די עלעקטרישע קראַפט, ווי זיי האָבען עס געפּרובירט טאָן פאַריאָרען, און האָבען דערמיט אַרויסגערופען געגען זיך די געגנערשאַפט פון דער אַנדערטהאַלבען מיליאָניגער באַפעלקערונג וועלכע איז געבליבען אין דער פינסטער און אָן אַרבייט, האָט די יוניאָן דאָס מאָל בלויז אַרויסגעטריבען די פאַרוואַלטער פון די סטאַנציעס און אָנגעהאַלטען די אַרבייט. דאָס האָט געשאַפען אַ מערקווירדיגע לאַגע. די אַרבייטער האָבען איינפאַך פאַרנומען די פאַבריקען און זיי אַליין באַטריבען דורך דער צייט פון סטרייק. ניט קיין וואונדער וואָס די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט אַזש געשוימט פון די ליפּען רעדענדיג וועגען דעם סטרייק. אָט דאָס איז אַ צו געפערליכער פּרעצעדענט פאַר די אַרבייטער. זיי קענען נאָך איינזען, אַז מען קען זיך באַגיין אין גאַנצען אָן בעלי בתים...

באַזונדערס וויכטיג איז אויך די אורזאַכען פאַר וועלכע דער סטרייק איז גערופען געוואָרען און די רעזולטאַטען וואָס דאָס האָט געבראַכט. די קאָמפּאַני, וועלכע איז געצוואונגען געווען לעצטעס יאָר אונטערצושרייבען אַן אַגרימענט מיט דער יוניאָן, האָט זיך געגרייט דעם אַגרימענט ניט באַנייען. פאַר דעם צוועק האָט זי דורך דער צייט געלאָזט אָרגאַניזירען אַ קאָמפּאַני יוניאָן. ווען דער אַגרימענט מיט דער סי. אי. אָ. האָט געהאַלטען ביים אויסגיין און די יוניאָן האָט געפאָדערט מען זאָל עס באַנייען, האָט די קאָמפּאַני פאַרצויגען די פאַרהאַנדלונגען און דערווייל געלאָזט איר קאָמפּאַני יוניאָן אַרויסנעמען אַן אינדזשאָנקשאָן געגען דער יוניאָן, וועלכער זאָל פאַרבאָטען אונטערצושרייבען דעם אַגרימענט ביז עס וועט דורכגעפירט ווערען אַן אָפּשטימונג פון די אַרבייטער וועלכע יוניאָן זיי ווילען עס זאָל זיי פאַרטרעטען. דערווייל האָט זיך די יוניאָן דערוואוסט, אַז די קאָמפּאַני האָט בדעה צו שניידען די שכירות פון די אַרבייטער אַזוי שנעל ווי דער אַלטער אַגרימענט וועט אויסגיין. דאָס צו פאַרמיידען האָט די יוניאָן פאַרנומען אַלע דרייצען סטאַנציעס פון דער קאָמפּאַני, וועלכע שטעלען צו עלעקטרישע קראַפט צו עטליכע און דרייסיג שטעט און שטעטלאַך, און דערקלערט, אַז זי וועט האַלטען די סטאַנציעס אַזוי לאַנג ביז די קאָמפּאַני וועט נאָכגעבען זייערע פאָדערונגען.

אַרויסזעצען די סטרייקערס מיט געוואַלד האָט מען מורא געהאַט זיי זאָלען ניט אָפּשניידען די עלעקטרישע קראַפט. די ווירקונג איז געווען אַזאַ, אַז דער דזשאַדזש האָט גלייך צוריקגערופען זיין אינדזשאַנקשאָן און ביי פאַרהאַנדלונגען וואָס גאָווערנאָר מוירפי האָט אַראַנזשירט איז דער סטרייק געסעטעלט געוואָרען.

## אַנדערע סטרייקס דעם מאָנאַט

אַ קורצער סטרייק פון איין טאָג האָט אָפּגעשטעלט אַלע סטריט קאַרס אין דעטראָיט, און געצוואונגען דער קאָמפּאַני זיך צו בויגען און נאָכגעבען די פאָדערונג פון די אַרבייטער פאַר סעניאָריטי רעכט פאַר דעם גאַנצען פאַרקער סיסטעם פון דער דעטראָיט טראַקשאָן קאָ. די קאָמפּאַני באַטרייבט די סטריט קאַרס, אַזוי גוט ווי די באַסעס. די אַרבייטער אויף די סטריט קאַרס באַלאַנגען צו דער אַמאַלגאַמייטעד אַסאָסיעישאָן אָוו סטריט ענד עלעקטריק רעילוועיס. די אַרבייטער אויף די באַסעס האָבען אַן אומאָפּהענגיגע יוניאָן. די סטריט קאַר אָנגעשטעלטע האָבען געפאָדערט אַז אין דער גאַנצער סיסטעם זאָל איינגעשטעלט ווערען איין סעניאָריטי ליסט. דאָס הייסט, אויב אַ קאַר אָנגעשטעלטער פאַלט אַרויס פון דזשאָב, זאָל ער אָנגעשטעלט ווערען אויף די באַס ליינס און אַ נייער אַרבייטער זאָל אָנטזאָגט ווערען. די באַס אָנגעשטעלטע זיינען, נאַטירליך, געגען דעם און זיי האָבען אַרויסגענומען אַן אינדזשאַנקשאָן. עס איז געווען געגען דעם אינדזשאַנקשאָן, וואָס די אַרבייטער האָבען געסטרייקט און געוואונען.

אַ סטרייק פון צירק אָנגעשטעלטע אין דעם רינגלינג בראָדערס צירק, אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען, איז שנעל געוואונען געוואָרען נאָך דעם ווי די קאָמפּאַני האָט פּרובירט נוצען אירע קאָרליקעס און אַנדערע פאַרזעהענישען אַלס סטרייק ברעכער. די פאַרשטעלונג האָט אָפנים ניט אויסגענומען און די סטרייקער האָבען געוואונען זייערע פאָדערונגען.

די מאָווינג וואַן אַרבייטער אין ניו יאָרק האָבען דעם מאָנאַט געוואונען באַדייטענדע פאַרבעסערונגען דורך אַ סטרייק וואָס האָט אָנגעהאַלטען עטליכע טעג. די שכירות זיינען געהעכערט געוואָרען און עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרען דער סיסטעם, אַז די אַרבייטער זאָלען קריגען באַצאָלט לויט פּראָצענטען וואָס דער טראָק אויף וועלכען זיי אַרבייטען נעמט אַריין.

אַ גרויסען זיג האָט דעם מאָנאַט אָפּגעהאַלטען די עלעקטריק רידיאָ יוניאָן פון דער סי. אי. אָ. ווען די דזשענעראַל עלעקטריק קאָמפּאַני האָט אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט דער יוניאָן פאַר די אַרבייטער פון דער קאָמפּאַני אין זעקס שטעט. דאָס איז דער ערשטער אַגרימענט וואָס די קאָמפּאַני שרייבט אונטער אויף אַ נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב. דער אַגרימענט איז פאַר אַלע אַרבייטער וואָס ווערען באַשעפטיגט אין די פאַבריקען פון דער קאָמפּאַני אין סקענעקטעדי, ניו יאָרק; לין, מאַסאַטשוזעטס; ברידזשפּאָרט, קאָנעטיקוט; פאָרט וועין, אינדיאַנאַ; קליוולאַנד, אָהייאָ און אירי, פּענסילווייניע. אין די פאַבריקען אַרבייטען אַרום 80,000 אַרבייטער. אין דעם אַגרימענט איז אויך פאַראַן אַ פּונקט, אַז אַזוי שנעל ווי די יוניאָן וועט קענען באַווייזען, אַז זי האָט אַ מערהייט מיטגלידער צווישען די אַרבייטער אין די אַנדערע פאַבריקען, וועלען זיי אויך אַרונטערקומען אונטער דעם אַגרימענט.

דער סטרייק אין דער קרוסיבל סטיל קאָ., אין דזשוירזי סיטי, איז נאָך איין מאָנאַט געסעטעלט געוואָרען. די אַרבייטער, וועלכע זיינען אָפּגעלייגט געוואָרען אָן נאָטיס, צוליב וועלכע דער סטרייק איז גערופען געוואָרען, האָבען געקראָגען באַצאָלט פאַר אַ האַלבען טאָג שכירות, און פאַרהאַנדלונגען פאַר אַ נייעם אַגרימענט וועלען אין גיכען אָנגעהויבען ווערען.

## „פאַראייניגטער פראָנט״ ווערט איבערגעטעסטעט אין דער פּאָקעטבוק און ווייטערס יוניאָנס.

דער פאַראייניגטער פראָנט צווישען די פאַרשיידענע גרופּען אין דער פּאָקעטבוק־מאַכער יוניאָן, וועלכער פלעגט ביז ניט לאַנג צוריק אַרויסגעשטעלט ווערען אַלס מוסטער ווי גוט עס קען אַרבייטען אַזאַ אַרענדזשמענט אין אַ יוניאָן, איז דעם מאָנאַט קאַליע געוואָרען און אַלע

וועסטפילד, מאסאטשוזעטס. דאס איז א טשילדרען דרעס שאפ וואו עס האבען געארבייט ארום 70 בעל מלאכות. די פירמע איז געווען אן אנטלאפענע פון ניו יארק. דער סטרייק איז אנגעפירט געווארען זייער ענערגיש, טראץ די אלע שוועריגקייטען וואס די באסעס און די פאליציי האט געמאכט די סטרייקער. אין שיינעם פרימארגען איז די פירמע פארשוואונדען פון שטעטל, איבערלאזענדיג די מאשינען, האק און פאק. מיר האבען פונדעסטוועגען אנגעהאלטען דאס פיקעטען ביז אנפאנג אפריל, האט זיך די פארוואלטונג פון דער פירמע צוריק באוויזען און איבערגענומען דעם שאפ. מיר האבען ענדליך געסעטעלט מיט דער פירמע און אלע סטרייקער זיינען צוריק ביי דער ארבייט אונטער א קלאוזד שאפ אגרימענט, א 40 שטונדיגע ארבייטס־וואך און א מינימום געהאלט פון 14 דאלאר. דזשייקאב האלפערין און מ. טשאנסקי האבען אנגעפירט דעם סטרייק.

מיר האבען באנייט דעם אגרימענט מיט דער איסטאן דרעס קאמפאני, א קאטאן דרעס שאפ, וועלכער באשעפטיגט 95 ארבייטער. דורך די לעצטע צוויי יאר זינט מיר האבען די פירמע יוניאניזירט, האבען מיר אויפגעהויבען די ארבייטס באדינגונגען פון די ארבייטער פון אומגעפער זעקס דאלאר א וואך, וואס זיי פלעגען פארדינען אין לאנגע שטונדען ביז צו א דורכשניט פון ארום 25 דאלאר א וואך. איצט ווען דער אגרימענט איז אויסגעגאנגען האט די פירמע געפאדערט א פארקלענערונג פון די שכירות אויף צען פראצענט. אונזער לאקאל, אין איסטאן, האט צוריקגעוויזען די פאדערונג און די ארבייטער זיינען געווען גרייט צו קעמפען פאר זייערע באדינגונגען. די פירמע איז ענדליך ווייכער געווארען און האט באנייט דעם אגרימענט מיט א העכערונג פון דריי פראצענט אויף די שכירות פון אלע ארבייטער אין שאפ. דוד גינגאלד, גרייס סארדענגא און רייזבערג האבען פארהאנדעלט און אונטערגעשריבען דעם אגרימענט.

פארהאנדלונגען גייען אן וועגען באנייען דעם אגרימענט מיט דער „בארגעניכט און ספירא" פירמע, איינע פון די עלטסטע פירמעס אין טשילדרען דרעס טרייד וועלכע מיר האבען ערשט לעצטען יאר יוניאניזירט. די פירמע האט דריי שעפער אין ארטשבאלד, מעיפעיר און פארעסט סיטי, פענסילוויניע, וואו עס ווערען באשעפטיגט דריי הונדערט ארבייטער. די פירמע האט געפאדערט א פארקלענערונג אויף די פרייזען פאר שטיק ארבייט, וועלכעס די פארטרעטער פון אלע דריי שעפער האבען ענטשיידען צוריקגעוויזען.

## אין די שטעט און שטעטלאך אין מאסאטשוזעטס

נאך לאנגע פארהאנדלונגען אין וועלכע עס האבען זיך באטייליגט מענעדזשער רייזבערג און ארגאנייזערס האלפערין און דזשעסע לעין, האט דער דעפארטמענט באנייט דעם אגרימענט מיט די „סופאלק ניטינג מילס". אנשטאט וואס אין דעם פריהערדיגען אפמאך איז די אינטערנעשאנאל בלויז אנערקענט געווארען אלס פארטרעטער פון די ארבייטער אין אונטערהאנדלונגען מיט דער פירמע וועגען באדינגונגען, האבען מיר אין דעם איצטיגען אגרימענט געקראגען פולע אנערקענונג פאר דער אינטערנעשאנאל. אונטער דעם אגרימענט פארפליכטעט זיך די פירמע אנצוהאלטען א יוניאן שאפ און אז אלע ארבייטער וואס זי באשעפטיגט מוזען זיין גוטשטייענדע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל.

ארגאנאיזער אלעקס ראסס, פארוואלטער פון סאוטערן מאסאטשוזעטס טעריטאריע פון דעם דעפארטמענט, האט אונטערנומען א קאמפיין צו ארגאניזירען די ארבייטער אין די נאוועלטי דזשועלרי שעפער פון פראווידענס, ראוד איילאנד, אויפ'ן פארלאנג פון דער באסטאן און נאוועלטי ארבייטער יוניאן, לאקאל 132. עס איז אים שוין ביז איצט געלונגען צו ארגאניזירען די ארבייטער פון איין שאפ, א סובסידיערי פון א ניו יארקער פירמע מיט וועלכע לאקאל 132 האט אן אגרימענט און ער אונטערהאנדעלט איצטער מיט די אייגענטימער פאר אן אגרימענט.

דער דעפארטמענט קאנפערירט מיט דער דרעס דזשאינט באארד אין די סטרייקס וואס זי פירט אן אין דער 1.37 דאלאר לייז דרעסעס און די ארגאנייזערס פון דעם דעפארטמענט פאסען אויף, אז מען זאל ניט מאכען אין די שעפער סטרייק ארבייט. אלס רעזולטאט דערפון האט דער דעפארטמענט איצט א סטרייק געגען דער לעהיי דרעס קאמפאני פון בעטלעהעם, פענסילוויניע, וועלכע האט זיך אנטזאגט אפצושטעלען די סטרייק ארבייט. דער סטרייק ווערט אנגעפירט פון דעם אלענטאון אפיס פון די ארגאנייזערס בערעזין, קעסלער און רילא וואָרד.

דער קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט פירט אן לעצטענס א גאנצע רייע מיטינגען פון שאפ קאמיטעס און טשערלעידיס אין די פארשידענע דיסטריקטען, צו ערמוטיגען זיי זיך ניט צו לאזען באאיינפלוסען פון די בעלי בתים און ניט ארונטערלאזען קיין סענט פון די שכירות און באדינגונגען.

## אנטזאגען זיך אנגעהען יאפאנעזישע זיפערס.

די ארבייטער פון איין שאפ, אין טרענטאן, ניו דזשוירזי, אנגעהענדיג זיפערס אויף דרעסעס האבען באמערקט, אז די זיפערס זיינען אימפארטירט געווארען פון יאפאן. די ארבייטער האבען זיך אנטזאגט אנצונעהען די זיפערס, באשטייענדיג, אז די פירמע זאל אויפהערען קויפען יאפאנעזישע סחורה. דאס באוויזט וואס פאר א הויכע שטופע פון באוואוסטזיין אונזערע ארבייטער אין די קליינע שטעטלעך באזיצען.

# אין אוט־אוו־טאון דעפארטמענט

וויס־פרעזידענט הערי וואנדער, מענעדזשער פון אוט־אוו־טאון דעפארטמענט, מעלדעט אז אין די שעפער אין זיין טעריטאריע, האט זיך באוויזען א ביסעל מער ארבייט די לעצטע פאר וואכען פאר איסטער און דאס האט מיט זיך געבראכט די פארבעסערונג און אויך די טיפישע שוועריגקייטען וואס קומען געווינליך ווען עס ווערט אביסעל מער ארבייט אין די שעפער.

אז די ארבייטער אין די שעפער זיינען געווען זייער צופרידען מיט דעם וואס עס איז געווארען אביסעל מער ארבייט און זיי זיינען אימשטאנד צו קומען צו זיך נאך דער לאנגער און שווערער ארבייטלאזיגקייט וואס זיי האבען געמוזט דורכמאכען, איז ניט נויטיג צו זאגען. צוזאמען אבער מיט דער פארבעסערונג האבען אויך אנגעהויבען ארייינקומען די געווינליכע קאמפלעינטס, וואס עס קומען אין אזא צייט. די מערסטע קלאגען פון די שעפער זיינען אויף די פארזוכען פון מאנכע דזשאבערס ארויפצולייגען מער ארבייט אויף די סטיילס, ווי עס זיינען געווען אויף די סעמפעלס ווען מען האט געסעטעלט די פרייזען. אין פילע פאלען ווערט ארויפגעלייגט א היבשע ביסעל עקסטרא ארבייט. א דאנק אבער די וואכזאמקייט פון די ארבייטער געלינגט עס די בעלי בתים זעלטען זיי אפצונארען. די יוניאן פאסט אויף, אז פאר די עקסטרא ארבייט זאלען זיי עקסטרא באצאלען.

## אונזערע מיטגלידער זייגען מוטיג.

דער לעצטער מיטינג פון דיסטריקט קאונסיל פון איסטערן אוט־אוו־טאון דעפארטמענט איז געווען באזונדערס אינטערעסאנט צוליב די באריכטען וואס די דעלעגאטען, וועלכע זיינען אליין שאפ ארבייטער, און זיינען דעריבער אינטים באקאנט מיט דער לאגע און מיט דער שטימונג פון די ארבייטער אין די שעפער, האבען אפגעגעבען.

נאך דעם באריכט פון די מענעדזשערס פון די פארשיידענע געגענדען וועגען דער לאגע אין די שעפער אין אלגעמיין און ספעציעל וועגען דער ארבייטסלאזיגקייט, איז פארגעקומען אן אלגעמיינע דיסקוסיע אין וועלכער כמעט אלע דעלעגאטען האבען זיך באטייליגט. און מערקווירדיג איז געווען צו הערען ווי גראדע די רענק און פיילער זיינען געווען זייער אפטימיסטיש וועגען דער לאגע און וועגען די אויסזיכטען. כמעט יעדער פון זיי האט אנגעוויזען, אז די ארבייטער באגרייפען די איצטיגע לאגע און ווייסען, אז ווען ניט די יוניאן וואלט זייער לאגע געווען פיל ערגער ווי עס איז. זיי באגרייפען, אז ווען ניט די יוניאן באדינגונגען, וואלטען די געהאט ווייניגער ארבייט און פאר די ביסעל ארבייט וואלטען זיי קריגען פיל ווייניגער געהאלט. כמעט אלע האבען אנגעוויזען, אז די פראפאגאנדא פון די קאנטראקטארס געגען דער יוניאן האט ניט געהאט דעם מינדעסטען איינפלוס אויף די ארבייטער. כאטש עס איז נאטירליך, אז ארבייטער זיינען געווינליך פארביטערט אין א צייט ווען זיי מאכען ניט קיין לעבען, באגרייפען זיי אבער, אז דאס איז אן אלגעמיינע צרה פון וועלכער אלע אינדוסטריען ליידען און די יוניאן קען דערצו ניט העלפען.

## באס ווערט ווייכער נאך פינף טאגיגען סטרייק.

די 90 ארבייטער פון „ברעגער און ווינער דרעס קא.", פון בעיאן, ניו דזשוירזי, האבען דעם מאנאט באוויזען וואס אייניגקייט און ענטשלאסענהייט קענען אויפטאן. די פירמע האט געהאט אן אינדעפענדענט אגרימענט מיט דער יוניאן. ווען די יוניאן אבער האט לעצטען מאנאט אונטערגעשריבען א קאלעקטיווען אגרימענט מיט די בעלי בתים פון דער טשילדרען דרעס אינדוסטרי, אין נארדערן ניו דזשוירזי, און געקראגען פון זיי א העכערונג אויף די שכירות פאר אלע ארבייטער פון איין דאלאר א וואך, האט די פירמע זיך אנטזאגט צו געבען אירע ארבייטער די העכערונג. נאך לאנגע פארהאנדלונגען, האט וויס־פרעזידענט וואנדער געארדערט א סטרייק. דער באס האט געסטראשעט, אז ער וועט פארמאכען דעם שאפ; אז ער וועט ארויסמופען פון שטאט; אבער די ארבייטער האבען זיך ניט דערשראקען און האבען געפיקעט. אין פינף טעג צייט איז דער באס ווייכער געווארען און האט נאכגעגעבען די העכערונג. דער סטרייק איז אנגעפירט געווארען פון סידי רייש, מענעדזשער פון לאקאל 221, און דזשעק ניעבורג, ארגאנייזער, אין בעיאן.

## דרעס דזשאבער געפינט אויס אז מען קען ניט אנטלויפען פון דער יוניאן.

די „דזשוגיאר דרעס קאמפאני" פון 40 בראדוויי, א סילק דרעס דזשאבער, האט זיך פארוואלט אנטלויפען פון דער יוניאן. פריער האט די פירמע זיך גערופען „הערי עידינגער קא.". האט זי געביטען דעם נאמען; איינגעשטעלט א קאטינג רום אין דזשוירזי סיטי, אונטער'ן נאמען „אי. דזשי."; א ניט יוניאן שאפ, אין נוארק, אונטער'ן נאמען „לעידי בעלע" און נאך דערצו ארויסגעגעבען ארבייט צו צוויי יוניאן קאנטראקטארס אין נוארק און אין בעיאן, און זיינען געווען זיכער, אז די יוניאן וועט זיי ניט קענען געפינען אונטער די אלע מאסקעס און פארנעמען. אבער זיי האבען זיך שטארק אפגענארט.

עס האט די אינוועסטיגעיטארס פון דעם אוט־אוו־טאון דעפארטמענט גענומען גאר ווייניג צייט ארויסצוגעפינען, אז די אלע שעפער ארבייטען פאר דער דזשוגיאר דרעס. די קאטערס, אין דזשוירזי סיטי, זיינען גלייך ארונטער אין סטרייק. אין סטרייק איז אויך ארונטערגענומען געווארען דער שאפ, וואס זיי האבען געעפענט אין נוארק, און עס איז אפגעשטעלט געווארען די ארבייט פאר דעם דזשאבער אין די צוויי יוניאן שעפער. די דזשאינט באארד האט אויך אויפגעשטעלט פיקעטס ארום דזשאבערס אפיס און שאו רום, אויף בראדוועי, און די יוניאן ווארט איצטער, אז דער דזשאבער זאל זיך איבערצייגען אז פון דער יוניאן קען מען ניט אנטלויפען.

# אין דער סאוטה־וועסט

מייער פערעלשטיין, רידזשאנאל דירעקטאר פון דער אינטערנעשאנאל אין דער סאוט־וועסט שרייבט:

„די אינדוסטריעלע באדינגונגען אין דעם געגענד זיינען געווען דעם סעזאן גאר ניט גוט. אן אויסנאם פון דעם כלל זיינען געווען די גרעסערע קלאוק שעפער אין סיינט לואיס, וועלכע האבען געהאט א נישקשה'דיגען סעזאן. די קלענערע קלאוק שעפער האבען געהאט ווייניג ארבייט. דאס זעלבע איז געווען אין נערעכטיקייט — וואס הערט זיך אין דערא ניט. — 4 די קלאוק שעפער, אין קענזעס סיטי. דארט האט זיך דער סעזאן אנגעהויבען דוקא גוט. עס האט אבער אנגעהאלטען בלויז א פאר וואכען און עס איז געווארען סלעק.

„אין סילק דרעס טרייד אין סיינט לואיס און מינעאפאליס איז געווען זייער ווייניג ארבייט. זייער איינציגע האפענונג איז איצט, אז דער זומער סעזאן וועט זיין בעסער. אין דער קאטאן גארמענט אינדוסטרי זיינען צום שטארקסטען געטראפען געווארען די אונטערוועש שעפער. די ארבייטער אין די שעפער ליידען זייער שטארק. אויך אין קאטאן דרעס טרייד איז די ארבייט ניט געווען רעגולער און זייער ווייניג.

## מעמפיס פירמע באנייט אגרימענט.

נאך פארהאנדלונגען וואס האבען געדויערט עטליכע טעג, האט די יוניאן באנייט דעם אגרימענט מיט

# וואס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאנאל

די גענעראל עקזעקוטיוו באארד פון דער אינטערנעשאנעל וועט האלטען איר רעגולערען מיטינג סוף היינטיגען חודש אין באסטאן. צווישען די פארשידענע וויכטיגע פראגען אויפ'ן טאג־ארדנונג, אינדוסטריעלע און ארגאניזאציעלע, וועט די באארד אויך דיסקוטירען און באשליסען וועגען דער שטעלונג פון דער אינטערנעשאנעל צו דער ניי־געשאפענער לאגע אין דער אמעריקאנער טרייד־יוניאן באוועגונג, דורך דעם באשלוס פון דער קאנפערענץ פון די פירער פון די סי. אי. א. יוניאנס צו רופען א קאנווענשאן אין הערבסט און ארגאניזירען זיך אין א באזונדער צענטראלער טרייד־יוניאן קערפערשאפט. אונזער אינטערנעשאנעל, ווי באוואוסט, איז געווען איינע פון די ערשטע יוניאנס וואס האט זיך אקטיוו באטייליגט אין שאפען די קאמיטע אן אינדאסטריעל ארגאניזיישאן און האט איר געשטיצט מיט אלע מעגליכקייטען, פינאנציעל און מאראליש, דורך דער גאנצער צייט. גלייכצייטיג האט אבער פרעזידענט רובינסקי און די גענעראל עקזעקוטיוו באארד אלעמאל גענומען די שטעלונג פאר פרידען און אייניגקייט אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג און האט זיך אלעמאל און ביי יעדער געלעגענהייט שארף ארויסגעזאגט געגען פארוואנדלען די סי. אי. א. אין אן אפאזיציאנס קערפערשאפט צו דער אמעריקען פעדערעישאן אוו לייבאר. די שטעלונג איז אויך איינשטימיג גוטגעהייסען געווארען פון דער אינטערנעשאנעל קאנווענשאן אין אטלאנטיק סיטי. איצט, ווען די לאגע האט זיך אזוי געענדערט, וועט די גענעראל עקזעקוטיוו באארד דארפען אויפנעמען אויף דאס־ניי די פראגע און באשליסען ווי די אינטערנעשאנעל זאל האנדלען ווען א גרינדונגס־קאנווענשאן פון דער סי. אי. א וועט גערופען ווערען.

## פרעז. דובינסקי לייקענט קלאנג אז אינטערנעשאנעל ציט זיך צוריק פון דער סי. אי. א.

ווען די קאנפערענץ אין וואשינגטאן איז געהאלטען געווארען, האט זיך אין מאנכע צייטונגען פארשפרייט א קלאנג, אז די אינטערנעשאנעל ציט זיך צוריק פון דער סי. אי. א. פון וואנען דער קלאנג האט זיך גענומען איז ניט באוואוסט. מעגליך אז דאס איז געווען דערפאר וואס פרעזידענט דובינסקי האט ניט געקענט פערזענליך בייוואוינען די קאנפערענץ און האט באאויפטראגט וויס־פרעזידענט האכמאן צו פארטרעטען די אינטערנעשאנעל ביי דער קאנפערענץ. אזוי שנעל אבער ווי דער קלאנג איז ערשינען אין די צייטונגען, האט פרעזידענט דובינסקי גלייך אפגעלייקענט די באהויפטונג און ארויסגעגעבען דעם פאלגענדען סטייטמענט:

„דער באשלוס, וואס די קאנפערענץ פון דער סי. אי. א. אין וואשינגטאן האט אנגענומען צו רופען א נאציאנאלע קאנווענשאן מיט'ן צוועק איינצושטעלען א פערמאנענטע נאציאנאלע ארגאניזאציע, באשאפט א נייע לאגע.

„ביז איצט האט די סי. אי. א., וועלכע איז ארגאניזירט געווארען פאר דעם צוועק פון ארגאניזירען די ארבייטער אין די מאסען פראדוקציע אינדוסטריען אויף אינדוסטריעלע ליניעס, האט ניט אין איר געבוי און ניט אין איר ענדגילטיגען ציל, ווי מיר האבען אים פארשטאנען, געהאט אין געדאנק צו ווערען א פערמאנענטע, קאנקורירענדע ארגאניזאציע אויף דעם אמעריקאנעם טרייד־יוניאן געביט. און כאטש מיר זיינען ניט געווען איינשטימיג מיט דער פירערשאפט פון דער סי. אי. א. אין זייער צוגאנג צו די פרידענס־פארהאנדלונגען מיט דער א. פ. אוו ל., איז דער באשלוס פון אונזער גענעראל עקזעקוטיוו באארד אנצוהאלטען אונזער פארבינדונג מיט דער סי. אי. א., וועלכער איז אנגענומען געווארען לעצטען יאר און איז באשטעטיגט געווארען אין יאנואר פון היינטיגען יאר, געווען באזירט אויף דעם באגריף.

„די ניי־געשאפענע סיטואציע, וועלכע איז געקומען דורך דעם באשלוס פון דער סי. אי. א. קאנפערענץ צו רופען א קאנווענשאן מיט'ן צוועק צו שאפען א נייע קערפערשאפט אויפ'ן פלאץ פון דער סי. אי. א. און ענדערען איר ארגאניזאציאנס פארמע, אזוי גוט ווי אירע צילען, און די פראגע פון אונזער באטייליגען זיך אין אזא קאנווענשאן אדער אנשליסען זיך אן אזא נייע ארגאניזאציע, וועט אויפגענומען ווערען פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד ביי איר מיטינג, וואס דארף פארקומען שפעט אין מאנאט מאי, אדער פריער, אויב א רוף פאר אזא קאנווענשאן וועט ארויסגעשיקט ווערען ביי דער סי. אי. א. פריער פון דער צייט".

## גרעסטע קאטאן דרעס פירמע באנייט אגרימענט מיט לאקאל 91

הערי גרינבערג, מענעדזשער פון דער טשילדרען און הויז דרעסמאכער יוניאן לאקאל 91, מעלדעט, אז די יוניאן האט ענדליך אונטערגעשריבען דעם נייעם אגרימענט מיט דער „ס. ל. האפמאן פירמע", פון ברוקלין, די גרעסטע פירמע אין ניו יארק וואס פראדוצירט קאטען דרעסעס.

די פירמע האט זיך לעצטענס אפגעריסען פון דער אסאסיאיישאן און ארויסגעשטעלט פאדערונגען צו דער יוניאן פאר א פארקלענערונג אין שכירות. די יוניאן האט שוין געהאט געמאכט אלע פארבארייטונגען צו רופען א סטרייק אין דעם שאפ. ענדליך, נאך לאנגע פארהאנדלונגען איז עס געלונגען צו באוועגען דער פירמע אונטערצושרייבען דעם נייעם אגרימענט מיט דער יוניאן פאר איין יאר, אויף די זעלביגע באדינגונגען פון אלטען אגרימענט. די פירמע האט צוגעשטימט איבערצוגעבען צו ארביטריישאן די פאדערונגען פון דער יוניאן פאר א 37½ שטונדיגער ארבייטס־וואך, א העכערונג אויף די שכירות און דאס איינשטעלען פון מינימום געהאלט פאר די ארבייטער. ביידע צדדים האבען זיך געאייניגט, אז אב. לעפקאוויץ, פרעזידענט פון דער טיטשערס יוניאן, זאל זיין דער ארביטרייטאר. דער אגרימענט מיט דער פירמע איז אונטערגעשריבען געווארען אין פרעזידענט דובינסקי'ס אפיס.

### דר. דעסאלא פול ארביטרייטאר פאר דאון טאון שעפער.

די פארטרעטער פון לאקאל 91 און פון דער אסאסיאיישאן פון די דאון־טאון מאנופעקטשורערס, האבען זיך שוין אויך געאייניגט אויף דעם אומפארטייאישען פארטרעטער אויף דער באארד אוו ארביטריישאן, וואס דארף ארויסגעבען די ענדגילטיגע אנטשיידונג אויף די פאדערונגען פון דער יוניאן פאר העכערע שכירות, קירצערע שטונדען און מינימום ווידזשעס פאר די ארבייטער פון די הויז־דרעס און בעטה־ראוב שעפער אין דאון־טאון. אלס ארביטרייטאר איז באשטימט געווארען דר. דע סאלא פול, רעווערענד פון דער ספרדישער קהילה. די אנדערע צוויי פארטרעטער אויף דער באארד אוו ארביטריישאן, זיינען פרעדעריק האמעי, עקזעקוטיוו סעקרעטער פון דער אינטערנעשאנעל, וועלכער פארטרעט די יוניאן און ה. אלבערט שווענק, פארטרעטער פון די בעלי בתים.

די באציאונגען צווישען לאקאל 91 און דער אסאסיאיישאן זיינען לעצטענס געווען שטארק אנגעצויגען איבער דעם וואס די אסאסיאיישאן האט כסדר פארצויגען דאס באשטימען פון אומפארטייאישען ארביטרייטאר. די ארבייטער פון די שעפער האבען זיך איינמאך געריסען אין סטרייק, אום איין מאל פאר אלע מאל צו צווינגען די בעלי בתים נאכצוקומען זייערע פארפליכטונגען.

## באסטאנהאל מאכער ארגאניזירן טרייד דורך א קורצען סטרייס

דורך אן ענערגישען קאמפיין צו ארגאניזירען די באסטענהאל מאכער פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע און געווינען פאר זיי די באדינגונגען וואס עס האבען די ארבייטער פון די אנדערע פאכען אין דער אינדוסטריע, איז עס געלונגען לאקאל 64 היינטיגען מאנאט צו יוניאניזירען די מערסטע באסטענהאל שעפער, וועלכע נעמען ארויס די ארבייט פון די קלאוק דרעס און אנדערע פרויען קליידער שעפער אין ניו יארק.

די באדינגונגען פון די ארבייטער ביי די באסטאנהאל קאנטראקטארס איז געווען אונערטרעגליך. געווען צווישען זיי מאנכע, וועלכע פלעגען נאך ארבייטען 70 שטונדען א וואך פאר די קלעגליכסטע פארדינסטען, לויט איזידאר שיפמאן, עקזעקוטיוו סעקרעטאר פון לאקאל 64. די קאנפערענצען וואס די יוניאן האט אפגעהאלטען מיט די פארטרעטער פון דער אסאסיעישאן אין וועלכע עס האבען זיך באטייליגט דזשענעראל מענעדזשער איזידאר נאגלער און דער לאיער פון דער יוניאן עמיל שלעזינגער, האבען צו גארנישט געפירט. די באסעס האבען באין אופן ניט געוואלט נאכגעבען די מעסיגע פאדערונגען פון דער יוניאן.

דעם 7טען אפריל, נאך דעם ווי די קאנפערענצען זיינען אפגעבראכען געווארען, האט די יוניאן ערקלערט אן אלגעמיינעם סטרייק פון אלע באטאן האל מאכער אין די שעפער. דאס איז צום ערשטען מאל אין די לעצטע 25 יאר, וואס עס איז גערופען געווארען אן אלגעמיינער סטרייק פון די באטאן האל מאכער, און אלע, ווי איינער, האבען די ארבייטער געווארפען די ארבייט. 30 שעפער זיינען אפגעשטעלט געווארען און נאך א סטרייק פון צוויי וואכען האבען 25 שעפער געסעטעלט מיט דער יוניאן און אונטערגעשריבען אגרימענטס. דער סטרייק געגען די איבעריגע 5 שעפער גייט נאך אן.

די ארבייטער האבען געוואונען דורך דעם אגרימענט א 35 שטונדיגע ארבייטס־וואך פאר די באטאנהאל מאכער און א 40 שטונדען וואך פאר די וואס טראגען די ארבייט אין און פון די שעפער; א העכערונג פון צוויי א האלב דאלאר א וואך אויף די שכירות פון די קעריערס איבער'ן מינימום און א מינימום געהאלט פון 16 דאלאר א וואך; די פרייזען פאר די באטאנהאל מאכער זיינען שטארק געהעכערט געווארען. אין מאנכע פאלען האט די העכערונג אנגעטראפען הונדערט פראצענט אויף די פרייזען וואס מען האט זיי פריהער געצאלט. א חוץ דעם איז נאטירליך איינגעשטעלט געווארען א סטריקט קלאוזד יוניאן שאפ און יוניאן באדינגונגען.

## אין קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט

וויס־פרעזידענט עלייעס רייזבערג, מענעדזשער פון איסטערן קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט שרייבט:

טראץ די אונגינסטיגע באדינגונגען וואס האלטען אן אין דער אינדוסטרי, גייט דער דעפארטמענט אן מיט זיין ארבייט אן אפשטעל. מיר באשיצען די געווינסען וואס מיר האבען דערגרייכט פאר די ארבייטער אין דער פארגאנגענהייט, און רייסען זיך אריין אין אלץ נייע פלעצער. דורך דעם מאנאט האבען מיר באנייט עטליכע אגרימענטס און געסעטעלט איין סטרייק אין ספרינגפילד, מאסאטשוסעטס. אונזערע ארגאנייזערס זיינען כסדר אויף דער וואך און היטען, אז סטרייק ארבייט פון ניו יארק זאל ניט אריינגעשמוגעלט ווערען אין די שעפער אין אונזער טעריטאריע.

### פארשאונדענער שאפ זוכט זיך אפ.

מיט א דריי מאנאטען צוריק האבען מיר געפירט א סטרייק געגען דער וועסטפילד דרעס קאמפאני, פון

# אויפ׳ן דרעסמאַכער פראָנט

פון נ. מ. מינקאָף

## אויף צום ערשטען מאַי!



ז אַט קומט ווידער אָן דער פריהלינג. עס ווערט וואַרימער אין דרויסען. גרינע בלעטלאַך הויבען זיך אָן צו באַווייזען אויף די געצעהלטע שטאָטישע בוימער. דאָ און דאָרט מערקט זיך אַ בלימעלע. דער פרילינג איז דאָ. און מיט׳ן פריהלינג, עמפּאַנגען מיר, נאָך אַמאָל, דעם טאָג אין וועלכען אַרבייטער הערצער פון דער גאַנצער וועלט שלאָגען אין טאַקט; דער טאָג אויף וועלכען אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט, אָפּגעזעהען פון פיזישע גרעניצען, ראַסע אָדער נאַציע, באַטראַכטען אַלס זייער יום טוב. עס איז זייער טאָג, דער ערשטער מאַי. דער טאָג פון אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטער פייערונג.

אַך וויפיל שעהנע חלומות עס זיינען פאַרבונדען מיט דעם ערשטען מאַי! וויפיל כוח, וויפיל ענערגיע, וויפיל קאַמפּס־מוט האָט דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייטער קלאַס געצויגען פון אָט־דעם הייליגען טאָג, דעם גרעסטען און שעהנסטען אַרבייטער יום טוב? וועלכער אימיגראַנט געדענקט עס ניט זיין ערשטען מאַי אין דער פרייער אַמעריקאַ? דעם ענטוזיאַזם, די באַגייסטערונג מיט וועלכען מיר האָבען געמאַרשירט איבער די גאַסען? וועמען האָט עס געאַרט אַז די אַמעריקאַנצעס זיינען געשטאַנען אויף טראָטואַרען און האָבען פון אונז געלאַכט, אָדער אָפּילו דאָ און דאָרטען באַגאָסען מיט אַ ביסעל וואַסער? וועמען איז עס אָנגעגאַנגען?

פאַר איבער 30 יאָר האָט אונזער ראַדיקאַלע אַרבעטער באַוועגונג געצויגען איהר הויפּט באַגייסטערונג, מיט וועלכען זי האָט געקוויקט איהר נשמה, פון די גרויסע ערשטע מאַי פייערונגען. אומשטענדען האָבען זיך אַביסעל געביטען. די מענשהייט איז אויך ניט פאַרבליבען שטעהענדיג אויפ׳ן זעלבען אָרט. אָבער אין עצם גענומען זיינען נאָך די אַרבייטער היינט צו טאָג די זעלבע קנעכט וואָס זיי זיינען געווען מיט יאָהרען צוריק. מיליאָנען זיינען אַרבייטסלאָז און מוזען אָנקומען צו הילף; רעאַקציע, פאַשיזם, אַנטיסעמיטיזם און מלחמה בושעווען איבער דעם גרעסטען טייל פון דער וועלט. יע, די אורזאַכען וועלכע האָבען באַוואויגען אונזערע פּיאָנערע צו פּראָקלאַמירען דעם ערשטען מאַי אַלס דעם טאָג פון פּראָטעסט געגען די אומגערעכטיגקייטען פון דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, געגען נויט, הונגער און עקספּלואַטאַציע, די אורזאַכען עקזיסטירען נאָך ביז היינטיגען טאָג. דער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון אַרבייטער קלאַס, דער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענשהייט, טאָר און וועט ניט אויפגעגעבען ווערען. דער אַלוועלטליכער פּראָלעטאַריאַט מוז אָט דעם קאַמף אָנפירען ביז פרייהייט—עקאָנאָמישע, אַזוי גוט ווי פּאָליטישע—און די אמת׳ע דעמאָקראַטיע, וועט פאַרווירקלאַכט ווערען. מיר באַגריסען די חברים, פון אַלע טיילען פון דער אַרבייטער משפּחה, מיט׳ן ערשטען מאַי! זאָל לאַנג לעבען די איינינקייט פון אַרבייטער קלאַס. זאָל לאַנג לעבען דער ערשטער מאַי!

## לאָקאַל 22 פייערט 1טען מאַי אין היפּאָדראָם.

צוליב אַ רייע סיבות, באַטייליגען זיך ניט הייאָר, ניט אונזער אינטערנעשאַנאַל און ניט לאָקאַל 22 אין גאַסען דעמאָנסטראַציעס אָדער פּאַראַדען לכבוד דעם ערשטען מאַי. לאָקאַל 22 וועט אָבער פייערען דעם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטער יום טוב, מיט אַ גרויסע פאַרזאַמלונג אין ניו יאָרקער היפּאָדראָם, שבת דעם 30טען אַפּריל, 7 דעם זייגער אָוונט.

צו דער געלעגענהייט איז אַראַנזשירט געוואָרען אַ הויך קלאַסישער קאָנצערט און די פּאָפּולערע אָפּערע „פּאַגליאַטשי". די הויפּט רעדנער וועלען זיין: דער שפּאַנישער אַמבאַסאַדאָר און פּרעזידענט דובינסקי. בילעטען וועלען פאַרטיילט ווערען דורך די שאָפּ טשערליטע און ביזנעס אַגענטען. רעזערווירטע בילעטען וועלען זיין גילטיג בלויז ביז האַלב נאָך 7 דעם זייגער.

פאַרשטייט זיך, ווען אונז וואָלט געלונגען צו קריגען מעדיסאָן סקווער גאַרדען, וועלכער וואָלט אַריינגענומען דעם גרעסטען טייל פון אונזער מיטגלידערשאַפט, וואָלטען מיר דאָ געמאַכט אַ וואַרימען אויפרוף, אַז מ׳זאָל קומען צו דער אונטערנעמונג און העלפען עס מאַכען פאַר אַ גרויסען דערפאָלג. אַזוי ווי דער היפּאָדראָם איז ניט איבעריג גרויס — נעמט אין גאַנצען אַריין ערך 6,000 פּערזאָן, — וועט אונזער הויפּט שוועריגקייט זיין צו באַפרידיגען דעם פאַרלאַנג פאַר בילעטען. יעדענפאַלס ראַטען מיר אייך צו קומען. די וועלכע וועלען זיך אַביסעל אונטעראיילען וועלען זיין צווישען די גליקליכע. די אַנדערע וועלען אָדער מוזען שטיין אָדער געהן אַהיים.

## עס ווערט אַביסעל פרייליכער

עס ווערט אַביסעל פרייליכער אין די שעפּער. דער עולם אַרבייט צו ביסלאַך, און עס איז צו האָפען אַז מיט׳ן אָנקומען פון וואַרעמען וועטער וועט ווערען מעהר אַרבייט. עס איז אָבער, משמעות, צו פיל צו ערוואַרטען אונטער די איצטיגע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אַז די דרעס טרייד זאָל ווערען אמת ביזי, ווי מיר זיינען עס געוויינט צו זעהען.

דעריבער טאַקע זיינען אונזערע דרעס דזשאָינט באָאַרד לאָקאַלען געצוואונגען צו אַנאָנסירען אַז אָנפאַנגענדיג מיט׳ן ערשטען אַפּריל, זיינען די ביכער פאַר נייע מיטגלידער געשלאָסען. פון איצט אָן און ווייטער וועלען מעהר קיין נייע אַפּליקאַנטען ניט אויפגענומען ווערען. יעדענפאַלס ניט ביז וואַנען די עקאָנאָמישע אומשטענדען אין טרייד וועלען באַדייטענד פאַרבעסערט ווערען.

אַ ספּעציעלער בריף וועגען דעם ענין איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אַלע שאָפּ־טשערלייטע אין דרעס טרייד, וואו עס ווערט געזאָגט אַז די טשערלייטע, וועלכע וועלען ערלויבען ניט קיין יוניאָן מיטגלידער צו זעצען זיך צו דער אַרבייט, וועלען שטרענג באַשטראָפט ווערען. גלייכצייטיג האָט די דזשאָינט באָאַרד אויפגעפאָדערט די טשערלייטע צו קאָנטראָלירען די יוניאָן קאַרטען פון זייערע אַרבייטער און זעהן אַז יעדער מיטגליד זאָל האָבען די נייע — געלע — קאַרט. עס איז צו האָפען אַז אונזערע טשערלייטע וועלען קאָאָפּערירען מיט׳ן אָפיס און דורכפירען ביידע באַשליסע. בלויז גוט־שטעהענדע יוניאָן מיטגלידער זאָלען אַרויפגענומען ווערען צו דער אַרבייט און ניט קיין אַנדערע.

## ביי אונז קען אַלעס פּאַסירען.

אַז אַ מיטגליד זאָל זיך באַקלאָגען אַז ער האָט ניט געקראָגען זיין קראַנקען בענעפיט אין צייט אָדער אַז עס קומט איהם אַ וואָך מעהר ווי ער האָט געקראָגען אויסגעצאָהלט, איז אַ געוויינליכע ערשיינונג. אויף דעם האָבען מיר אַן אָפיציעלע קאָמיטע, וועלכע הערט אויס אַלעמעס טענות און זוכט צו שליכטען יעדען סכסוך אויף אַ פריינדליכען און געזעצליכען אופן. אָבער אַז אַ מיטגליד זאָל ברייגען געלט צוריק און זאָגען עז ער האָט געקראָגען אויסגעצאָהלט צו פיל, דאָס איז שוין נייעס. ביי אונז, קען אָבער אַלץ פּאַסירען און אַזעלכעס האָט געטראָפען לעצטע וואָך. צום שרייבער איז געקומען אַן אַרבייטער פון ראָזענ׳ס שאָפּ און האָט געבעטען מען זאָל פון איהם נעמען צוריק 21 דאָלאַר פאַר 3 וואָכען קראַנקען בענעפיט, וועלכע ער האָט געקראָגען אויסגעצאָהלט צו פיל. פּאַסירט האָט עס אַזוי: אַ קאָמיטע פון די אַרבייטער פון דעם שאָפּ האָבען זיך געווענדעט צו אונזער רעליעף קאָמיטע מיט אַ פאַרלאַנג אַז מען זאָל דעם ברודער אויסצאָהלען אין פאַראויס 10 וואָכען בענעפיט דערפאַר וואָס דער באַטרעפענדער איז זייער קראַנק. אידען זיינען ניט גזלנים, בפרט נאָך ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ נויט־פאַל. האָט מען געהאָלפען און דער ברודער איז געזונט געוואָרען, גיכער ווי ער און זיינע מיטאַרבייטער האָבען ערוואַרטעט, און אַזוי ווי ער איז אַן ערליכער מאַן, האָט ער צוריקגעבראַכט די געלט וועלכע, ווי ער האָט אַליין געזאָגט: „קומט מיר ניט".

אַן ענליכער פאַל האָט אויך פּאַסירט מיט אַן אַרבייטערין פון פרענק־סטאָר און פרידלענד׳ס שאָפּ, וועלכע האָט געקראָגען פאַר 8 וואָכען בענעפיט און האָט פאַרלאָרען בלויז 1 וואָך. פאַרקערט, האָבען מיר אַ פּאַסירונג אין שאָפּ פון מ. בערנשטיין, וואו די יוניאָן האָט אויפגעפאָדערט אַן אַרבייטערין צוריקצובאַצאָהלען 3 וואָכען בענעפיט, וועלכע זי האָט געקראָגען אויף פאַלשע פּרעטענזיעס. יענע האָט געמאַכט סקאַנדאַלען, „סטייטש", טענה׳ט זי, „וואָרום זאָל איך אָפּגעבען צוריק דאָס געלט? אמת, איך האָב טאַקע געאַרבייט דורך דער צייט אָבער, מיינע הוצאות זיינען גרויס און איך קען ניט אויסקומען". מילא, דאָס איז צו גלויבען. די צייטען זיינען שלעכטע. פאַרדינען פאַרדינט מען ווייניג. אָבער דאָס איז נאָך אַלץ ניט קיין גענוגענדע אורזאַכע אויפצומאַנען געלט פון קראַנקען פאָנד, וועלכער עקזיסטירט אַלס אַ פאַרזיכערונגס־פאָנד פאַר קראַנקע מיטגלידער, בעת מען אַרבייט אין שאָפּ. יעס, ביי אונז קען אַלעס פּאַסירען.

## פאַרלאָזט ניט די העלדען פון שפּאַנישען קריג.

שוין 2 יאָהר זינט די פינסטערע כחות פון פאַשיזם און רעאַקציע בלוטיגען דאָס פרידליכע שפּאַנישע פאָלק. מיליאָנען אומשולדיגע קרבנות זיינען אומגעקומען אין דער בלוט באָד, וועלכע היטלער און מוסאָליני, צוזאַמען מיט זייער „טשאַרלי מעקאַרטי" גענעראַל פראַנקאָ, האָבען אַרויפגעצוואונגען אויף אַרבייטער און פויערים פון אַ לאַנד, וועלכעס האָט נאָך אַפילו ניט פאַספּעיעט אַראָפּצוואַרפען פון זיך דעם יאָך פון אַלפאַנזאָ און זיינע קלעריקאַלע משרתים. ביים מאָמענט ווען די שורות ווערען געשריבען איז די נייעס פון שפּאַנישען פראָנט, זעהר ניט קיין פרייליכע. מיר זעהען בילדער אין די צייטונגען פון יונגע קינדער־וואָלונטירען, וועלכע זיינען גרייט מקריב צו זיין זייערע יונגע לעבענס פאַר׳ן פאַטערלאַנד. מיר זעהען בילדער פון יונג און אַלט, וועלכע לויפען איבער בערג און טאָלען צו ראַטעווען זיך פון טויטליכען שונא.

אונטער די אומשטענדען איז אונזער פליכט פאָרטצוזעצען די הילף — מאָראַלע אַזוי גוט ווי פינאַנציעלע — לטובת די שפּאַנישע לאָיאַליסטען. אָט דערפאַר טאַקע האָט זיך „די טרייד יוניאָן רעליעף קאָמיטע פאַר ספּעין" אַזוי וואַרים אָפּגערופען אויף די לעצטע געשעהענישען אין דעם אומגליקליכען לאַנד. פּרעזידענט דובינסקי האָט גלייך געשיקט 5 טויזענט דאָלאַר. ברודער סאַשאַ זימערמאַן האָט מיט 2 וואָכען צוריק געשיקט, דורך דער קאָמיטע, אַ טשעק אויף 2,500 דאָלאַר. דרעסמאַכער, וועלכע האָבען מעהר פון אַלע שיכטען אין אונזער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג, געטאָן צום גונסטען די שפּאַנישע אַרבייטער האָבען אויף דאָס ניי אָנגעפאַנגען צו זאַמלען געלט. הונדערטער דאָלאַרען זיינען אַריינגעקומען אין אונזער אָפיס אין פאַרלויף פון די לעצטע פאַר וואָכען. דאָס איז זעהר שעהן. אַזוי באַדאַרפען האַנדלען קלאַסען באַוואוסטזיניגע רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער.

אונזער לאָזונג באַדאַרף זיין — מיר וועלען אונזער סימפּאַטיעס פאַר דעם פרייהייטליכען שפּאַנישען פאָלק קיינמאָל ניט אויפגעבען. מיר וועלען דעם אַרבייטער און פויערים קלאַס פון שפּאַניע שטיצען און שטיצען און שטיצען ביז ער וועט ענדליך באַפרייען זיך פון זיינע אייגענע און פרעמדע אונטערדריקער. מען קען פון שפּאַנישען פאָלק אַוועקנעמען נאָך אַ שטאָט, נאָך אַ שטיק לאַנד, מען וועט אָבער פון איהם ניט אַוועקנעמען זיין באַגער נאָך פרייהייט, נאָך דעמאָקראַטיע. לאָמיר, אַלע צוזאַמען, פאַראייניגען זיך אין אַ געמיינשאַפטליכע אַקציע צו העלפען די בראַווע קעמפער!

## נעמט אַרונטער דעם עמבאַרגאָ געגען שפּאַניען!

גלייכצייטיג האָט זיך „די טרייד יוניאָן רעליעף קאָמיטע" געווענדעט מיט אַן אָפענעם בריף צו פּרעזידענט רוזוועלט, סעקרעטאַר האַל און די מיטגלידער פון מיליטערישען קאָמיטעט פון אַמעריקאַנער קאָנגרעס, מיט אַ פאָדערונג מען זאָל אַרונטערנעמען דעם חרם (עמבאַרגאָ) וועלכען מען האָט אַרויפגעלייגט אויף דער שפּאַנישער רעגירונג און מען דערלאָזט איהר ניט צו קויפען די נויטיגע מלחמה מאַטעריאַלען:

„אין נאָמען פון הונדערטער טויזענטער אַרבייטער אין אָרגאַניזאַציעס וועלכע זיינען אַנגעשלאָסען אָן „טרייד יוניאָן רעליעף קאָמיטע", זאָגט זיך אין אויפרוף, „פאָדערען מיר אויף גלייך אַרונטערצונעמען די עמבאַרגאָ וועלכע ווערט אָנגעווענדעט געגען דער געזעצליך אָנערקענטער רעגירונג פון שפּאַניע". דער אויפרוף דערמאָנט דעם פּרעזידענט אַז די פאַשיסטישע

דער „טרייסטעיט מאַנופעקטשורינג קאָ.", פון מעמפיס, טענעסי. די פירמע האָט צום ערשטען מאָל אונטערגעשריבען אַ יוניאָן אַגרימענט לעצטעס יאָר און דורך דעם יאָר האָבען מיר געהאַט אַ סך שוועריגקייטען מיט דער פירמע. הויפּטזאַכליך איז עס געווען צוליב די פּרייזען פאַר שטיק אַרבייט און די פאַרדינסטען פון די בעל מלאכות.

אין דעם נייעם אַגרימענט איז איינגעשטעלט געוואָרען אַ מער קאָנסטרוקטיווער אופן ווי אַזוי צו סעטלען פּרייזען פאַר שטיק אַרבייט און די וואָך אַרבייטער האָבען געקראָגען אַ העכערונג אויף די שכירות.

אין היוסטאָן, טעקסעס, האָט די יוניאָן געסעטעלט מיט אַ נייער פירמע, וואָס האָט זיך דאָרטען געעפענט און פּראָדוצירט בלאָוזעס. דאָס איז די „מילעידי בלאָוז קאָמפּאַני". דער אַגרימענט שטעלט איין אַ קלאָוז יוניאָן שאַפּ; קאָוד שטונדען און שכירות און אַנדערע יוניאָן באַדינגונגען. די יוניאָן פירט אָן אין דער שטאָט פאַרהאַנדלונגען מיט דער „גערסאָן קאַפּלאַן דרעס קאָ." פאַר'ן באַנייען דעם אַגרימענט.

דער סטרייק וואָס די אינטערנעשאָנאַל פירט אָן געגען דער „טעקסעס אינפענט ווער" פון סאַן אַנטאָניאָ, ווערט פאָרטגעזעצט. די אַרבייט אויף דרעסעס אין דעם שאַפּ איז פולשטענדיג אָפּגעשטעלט. דער שאַפּ ווערט טאָג און נאַכט באַוואַכט פון פּיקעטס. לויט אַלע סמנים וועט דער באָס מוזען סעטלען מיט דער יוניאָן, אויב ער וועט וועלען שטיין אין ביזנעס.

די אַרבייטער פון דער „עסקעי מאַנופעקטשורינג קאָ." וועלכע האָט ניט לאַנג צוריק אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט דער יוניאָן, האָבען זיך שוין אַלע אָנגעשלאָסען אָן דער אינטערנעשאָנאַל. לאָקאַל 180, וועלכער באַשטייט פון מעקסיקאַנישע אַרבייטער, ביי קינדערשע קליידער, הויבט אָן שפּילען אַ וויכטיגע ראָליע אין טרייד.

## איינהייטליכער אַגרימענט אונטערגעשריבען פון די דרעס מאַנופעקטשורערס אין מיניאַפּאָליס און סיינט פּאָל.

דער איינהייטליכער אַגרימענט וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אויסצוגלייכען די ווידזשעס־סקעילס אין אַלע סילק שעפּער אין די צווילינג שטעט, מיניאַפּאָליס און סיינט פּאָל, איז לעצטע וואָך אונטערגעשריבען געוואָרען פון אַלע דרעס מאַנופעקטשורערס אין ביידע שטעט. ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען פון די מיטגלידער פון די צוויי לאָקאַלס 206 און 244 האָבען נאָך אַ גרינדליכער דיסקוסיע גוט געהייסען דעם אַגרימענט.

לויט דעם אַגרימענט דאַרפען אַלע אַרבייטער קריגען אַ העכערונג אויף די שכירות נעכסטען הערבסט. די סומע ווי פיל די העכערונג זאָל זיין וועט דאַרפען באַשטימט ווערען ביי אַ קאָנפערענץ, וואָס וועט פאָרקומען צווישען דער יוניאָן מיט די בעלי בתים דעם ערשטען מאַי, און אויב מען וועט זיך ניט קענען איינִיגען זאָל עס איבערגעגעבען ווערען צו דר. רובין, פון שיקאַגאָ, אַלס אַרביטרעיטאָר, צו באַשטימען ווי פיל די העכערונג זאָל זיין. דער אַגרימענט פאַרפליכטעט אויך די מאַנופעקטשורערס צו באַנוצען דעם יוניאָן לעיבעל.

## ערשטער אַגרימענט אין בעדספּרעד טרייד אונטערגעשריבען

די אינטערנעשאָנאַל האָט דעם מאָנאַט פאַרנומען די ערשטע פעסטונג אין דער סוועט־שאַפּ אינדוסטרי פון בעד־ספּרעדס, אין דער סאַוט, וואו עס ווערען באַשעפטיגט צענדליגע טויזענטער אַרבייטער אונטער די קלעגליכסטע באַדינגונגען, וואָס איז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלען. די ערשטע פירמע פון דעם טרייד אונטערצושרייבען אַ יוניאָן אַגרימענט איז „קאַרטער בראָדערס, אינקאָרפּאָרעיטעד", אַ פירמע, וועלכע באַשעפטיגט 400 אַרבייטער ביים מאַכען די קענדעל וויק בעדספּרעדס אין טשאַטאַנוגאַ, טענעסי.

דזשאָן ס. מאַרטין, גענעראַל אָרגאַנייזער פון דער אינטערנעשאָנאַל אין דער סאַוט, האָט אָנגעהויבען אַ קאַמפּיין צו אָרגאַניזירען די אַרבייטער אין דער אינדוסטרי לעצטען סעפּטעמבער. דער אַגרימענט מיט קאַרטער בראָדערס איז דער ערשטער יוניאָן אַגרימענט, וואָס די אַרבייטער פון דעם טרייד האָבען ווען עס איז געהאַט. די אינטערנעשאָנאַל פירט איצט אָן אַ קאַמפּיין צו אָרגאַניזירען די אַרבייטער אין נאָך צוויי פעקטאָריס און ווי מאַרטין מעלדעט זיינען די בעדספּרעד אַרבייטער זייער גערען זיך צו אָרגאַניזירען.

קיין וואונדער איז עס ניט. לויט מאַרטין'ס באַשרייבען די באַדינגונגען, אונטער וועלכע די בעדספּרעד אַרבייטער ווערען באַשעפטיגט, איז עס פיל שוידערליכער ווי די באַדינגונגען וואָס די נאָדעל טרייד אַרבייטער האָבען געהאַט אין אַנדערע געגענדען מיט 50 יאָהר צוריק. אין דעם טרייד ווערען באַשעפטיגט אַרום 40,000 אַרבייטער פון וועלכע בלויז אַ פערטעל אַרבייטען אין פעקטאָריס. די איבעריגע דריי־פערטעל נעמען אַרויס די אַרבייט אַ היים. די אַרבייטס־שטונדען זיינען אומבאַגרעניצט און די פאַרדינסטען פון די אַרבייטער זיינען אַזוי קליין, אַז גאַנץ אָפט פאַרדינט אַן אַרבייטער בלויז פינף סענט אַ שטונדע.

די בעדספּרעד אינדוסטרי איז אַ פאַרהעלטניסמעסיג נייע אינדוסטריע אין אַמעריקאַ, וועלכע איז געבוירען געוואָרען דורך דער דעפּרעסיע. הונגעריגע פאַמיליעס, אין דער סאַוט, ניט קענענדיג קריגען קיין אַנדער אַרבייט צו פאַרדינען אויף ברויט, האָבען אָנגעהויבען מאַכען און פאַרקויפען די האַנט־גענייטע בעדספּרעדס. באַלד האָבען זיך געפונען פּיאָוקעס, וואָס האָבען דערזען אַ געלעגענהייט אַרויסצוקוועטשען פּראָפיטען פון דער אַרבייט פון אָרעמע פרויען און קליינע קינדער. אין משך פון אַ פּאָר יאָר איז די אינדוסטרי געוואַקסען ביז איר איצטיגער גרויס. דער פּרייז פאַר אויפנעהען אַ בעדספּרעד ביי האַנד איז פון צוואַנציג ביז פופציג סענט און מאַנכעס מאָל נאָך ווייניגער. איצט האָט זיך די אינטערנעשאָנאַל גענומען זיי אָרגאַניזירען און קריגען פאַר זיי אַ ביסעל מער מענשליכע באַדינגונגען.

## מעיאָר אינדאָרסירט אינטערנעשאָנעל פאַרלאַנג צו עפענען וו. פּ. אַ. שאַפּ פאַר נאָדעל טרייד אַרבייטער

מעיאָר פיאָרעלאָ לאַגואַרדיאַ האָט פאַרשפּראָכען אַ דעלעגאַציע פון דער אינטערנעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן צו העלפען זיי מיט אַלע מעגליכקייטען אין זייער פאַרלאַנג, אַז די דאַבליו פּי. איי. זאָל איינשטעלען אַ נאָדעל טרייד שאַפּ אין ניו יאָרק, וואו אַרבייטסלאָזע פון די נאָדעל טריידס זאָלען קענען קריגען באַשעפטיגונג און פאַרדינען אויף אַ לעבען.

די דעלעגאַציע פון דער אינטערנעשאָנאַל, וועלכע האָט באַזוכט דעם מעיאָר אין סיטי האָל איז אָנגעפירט געוואָרען פון פּרעזידענט דוד דובינסקי פון דער אינטערנעשאָנאַל. מיט אים צוזאַמען זיינען געווען די וויס־פּרעזידענטען לואידזשי אַנטאָניני, דזשוליוס האָכמאַן, איזידאָר נאַגלער און טשאַרלס זימערמאַן.

דובינסקי האָט ערקלערט דעם מעיאָר, אַז די צאָל אַרבייטסלאָזע אין די פרויען קליידער טריידס איז איצט זייער גרויס און זייער לאַגע ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג צוליב דעם וואָס דער אויסערגעוויינליך שלעכטער ספּרינג סעזאָן האָט אין גאַנצען אַרונטערגעריסען די פאַרדינסטען פון טויזענטער בעל מלאכות.

פּרעזידענט דובינסקי האָט ערקלערט, אַז די יוניאָן וועט גלייך צושטעלען צו דער וואָרק פּראָגרעסיוו אַדמיניסטריישאָן, אין וואַשינגטאָן, אַ פולען באַריכט וועגען דער לאַגע פון די פרויען קליידער אַרבייטער אין ניו יאָרק און אויף דער נויטיגקייט גלייך איינצושטעלען אַ פּראָיעקט וועלכער זאָל זיי באַזאָרגען מיט אַרבייט. ער האָט ערקלערט, אַז ער איז זיכער אַז מיט דער שטיצע פון מעיאָר וועט דער פאַרלאַנג שנעל באַוויליגט ווערען און אַרום פינף טויזענט אַרבייטסלאָזע פון די טריידס וועלען קריגען באַשעפטיגונג.

לויט דער איצטיגער פּאָליסי פון דער וו. פּ. אַ. ווערען די קליידער וואָס ווערען פּראָדוצירט אין די רעגירונגס־אונטערנעמונגען ניט פאַרקויפט אין מאַרקעט, נאָר ווערען אַוועקגעגעבען צו די אָרימע און נויטבאַדערפטיגע, וואָס האָבען ניט מיט וואָס צו קויפען קליידער פאַר זיך. אַזאַ שאַפּ וועט דעריבער ניט קאָנקורירען מיט די רעגעלע מאַנופעקטשורערס און וועט ניט אַוועקנעמען קיין אַרבייט פון די באַשעפטיגטע.

## דרעסמאַכער יוניאָן גיט $2500 פאַר קרבנות אין שפּאַנישער רעפּובליק

טשאַרלס זימערמאַן, מענעדזשער פון דער דרעסמאַכערס יוניאָן, לאָקאַל 22, מעלדעט, אַז אַלס אָפּרוף אויף דעם אַפּיל פון דער טרייד יוניאָן רעליעף קאָמיטע פאַר שפּאַניע, צו העלפען שאַפען פופציג טויזענט דאָלאַר פאַר די קרבנות פון די פאַשיסטישע מערדעריען, האָט די דרעסמאַכערס יוניאָן באַשלאָסען גלייך צו געבען צוויי טויזענט פינף הונדערט דאָלאַר אָפּצושיקען.

לאָקאַל 22, האָט אין דעם פריהערדיגען הילפס־קאַמפּיין פאַר שפּאַניע, וואָס די טרייד יוניאָן קאָמיטע האָט דורכגעפירט, זיך אויסגעצייכענט מיט איר ביישטייערונג פון פינף טויזענט דאָלאַר. די פירער פון לאָקאַל ערוואַרטען, אַז אין דעם איצטיגען דרייוו וועט דער לאָקאַל שאַפען צוויי מאָל אַזוי פיל. דער לאָקאַל פירט היינטיגע וואָך אָן אַ קאַמפּיין צווישען די מיטגלידער פאַר ביישטייערונגען.

אין פאַרבינדונג מיט דעם קאַמפּיין צווישען די מיטגלידער האָט דער לאָקאַל אַרויסגעלאָזט פאָלגענדען רוף:

„די לאָיאַליסטישע שפּאַניע רופט צו אונז ווידער פאַר הילף.

„מוסאָליני און היטלער וואַרפען אַריין אַלץ מער מענשען און אַמוניציע אין שפּאַניע אַלס לעצטען, ווילדען פאַרזוך צו צעשמעטערען דעם ווידערשטאַנד פון די לאָיאַליסטען. גאַנצע שטעט און זייער ציווילע באַפעלקערונג ווערען פאַרניכטעט פון פאַשיסטישע לופט־באָמבעס. הילפלאָזע פרויען און קינדער ווערען צעריסען פון די פאַשיסטישע באָמבעס. די פאַשיסטישע באַרבאַרען הויפען אָן גרוילטאַטען אויף גרוילטאַטען.

„די לאַגע פון די לאָיאַליסטען איז שוידערליך און די נויט איז גרויס.

„ווער וועט זיי העלפען אויב ניט מיר, די אַרבייטער?

„די סאָלדאַטען און די אַרבייטער קעמפען העלדיש צו באַשיצען די פרייהייט פון די אַרבייטער, טראָץ דער פאַרצווייפעלטער לאַגע. ווער וועט זיי העלפען אויב ניט די אַרבייטער?

דער אַרבייטער קלאַס אין שפּאַניע ווייס וואָס עס מיינט אַ זיג פון פאַשיזם. ער ווייסט אַז פאַשיזם מיינט די פאַרניכטונג פון די אַרבייטער יוניאָנס און די רעכט פון די אַרבייטער. עס מיינט תליות און תפיסות פאַר אַלע וואָס גלויבען אין פרייהייט און פּראָגרעס. די לאָיאַליסטישע שפּאַניע זעצט דעריבער פאָר דעם קאַמף. ווער וועט זיי העלפען אויב ניט מ י ר, די אַרבייטער?

„הילף איז גלייך נויטיג! מען טאָר עס ניט אָפּלייגען. הילף מוז היינט געשיקט ווערען. מעדיצינישע מיטלען און שפּייז מוז שטראָמען נאָך שפּאַניע. דאָס איז פאַרוואָס די טרייד יוניאָן רעליעף פאַר ספּעין, אָרגאַניזירט פון אַ צאָל יוניאָנס, וועלכע האָט שוין אַריבער געשיקט נאָך שפּאַניע 150.000 דאָלאַר האָט אונטערגענומען אַ נייעם קאַמפּיין צו שאַפען נאָך 50,000 דאָלאַר.

„מיטגלידער פון לאָקאַל 22: אייער עקזעקוטיוו באָאַרד, איינזעהענדיג די פאַרצווייפעלטע נויט פון אונזערע שפּאַנישע ברידער און שוועסטער האָט אַרויסגעשיקט אין פאָראויס אַ טשעק פון צוויי טויזענט פינף הונדערט דאָלאַר צו דער טרייד יוניאָן רעליעף פאַר ספּעין. די עקזעקוטיוו באָאַרד פאָדערט אייך אויף זיך נעמען צו דער אַרבייט — שאַפען געלט.

„מיר, דרעסמאַכער, פון לאָקאַל 22, האָבען זיך נאָבעל אָפּגערופען אויף די פריהערדיגע אַפּילס פאַר הילף צו די לאָיאַליסטישע שפּאַניע. עס איז נויטיג ווידער צו ענטפערען זייער רוף. גיט וויפיל איר קענט נאָר! העלפט די פרויען און קינדער!

„העלפט פאַרניכטען דעם פאַשיזם, ווייל אויב פאַשיזם וועט ניט פאַרניכטעט ווערען וועט עס אונז פאַרניכטען!

„עקזעקוטיוו באָאַרד דרעסמאַכער יוניאָן,
לאָקאַל 22, א. ל. ג. וו. י.

„מיני לוריע, טשעירלעדי.
„טשאַרלס זימערמאַן, מענ. סעקרעטאַר."

# אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און אין טרייד

פון לואיס לאַנגער
סעקרעטאַר ניו יאָרק דזשאָינט באָאָרד קלאָוקמאַכער יוניאָן

וועגען דעם סך הכל פון דעם נאָר־וואָס געענדיגטען סעזאָן איז כמעט ניטאָ וואָס צו זאָגען. אונזער טרייד האָט שוין דורכגעמאַכט ביטערע סעזאָנען, אָבער אַזאַ סעזאָן ווי דער לעצטער געדענקען אַפילו ניט די גאָר אַלטע אַרבייטער פון דעם טרייד. אַלע אין דעם טרייד זיינען ענטוישט מיט דעם היינטיגען ספרינג סעזאָן, ווייל אין די לעצטע יאָרען זיינען די ספרינג סעזאָנען געווען בעסער ווי די ווינטער סעזאָנען.

בעפאָר דער סעזאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָבען נאָך איינינע אָפּטימיסטען געגלויבט אַז דער קלאָוק טרייד וועט האָבען אַ גוטען ספרינג סעזאָן. פאַר די האָפּענונגען האָבען זיי געהאַט אַ פאַרשטענדליכע אורזאַכע. עס איז געווען זייער געפיל, אַז אַזוי ווי די פרויען האָבען ניט פיל געקויפט דעם לעצטען סעזאָן, וועלען זיי מער קויפען דעם ספרינג סעזאָן. עס זיינען אויך געווען פילע וואָס האָבען ניט דערוואַרטעט אַזאַ ספרינג סעזאָן ווי מיט אַ יאָר צוריק, אָבער אַ סעזאָן האָבען זיי ערוואַרטעט. די וואָס האָבען ערוואַרטעט אַז עס וועט זיין זעהר אַ גוטער ספרינג סעזאָן, האָבען געמאַכט דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס. זיי האָבען זיך בלויז געמאַכט זייער אייגענעם חשבון, זיי האָבען אָבער גאָרניט פאַרטראַכט אַז די פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד רירט אָן אויך איר עקאָנאָמישע לאַגע. דער קאַמף וואָס געהט אָן אונטער דעם פּאָליטישען פאַרהאַנג צווישער ריאַקציאָנערען קאַפּיטאַל און דעם ווייסען הויז, האַלט די גרונט אינדוסטריען פּאַראַליזירט, און ווען יענע אינדוסטריען זיינען פּאַראַליזירט איז אויך אונזער אינדוסטרי ניט מיט אַלעמען. די קלאָוק אינדוסטרי איז אַ רינג אין דער קייט פון דעם אינדוסטריעלען לעבען פון לאַנד, און איז פּונקט ווי אַ מענשליכער קערפּער וואָס ווען עס טוט אים וועה איין גליד רירט עס אויך אָן אַלע אַנדערע גלידער.

---

אין גאַנצען באַשולדיגען די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד פאַר אונזער שלעכטען ספרינג סעזאָן, וואָלט אויך ניט געווען יושר'דיג. אמת, קיין גרויסען סעזאָן מיט פולע אַרבייט האָט מען ניט געקאָנט ערוואַרטען, טאַקע צוליב דער אַלגעמיינער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער לאַגע אין לאַנד — אָבער דאָס ביסעל קלאָוקס וואָס איז יאָ געווען איז עס אויך ניט אין גאַנצען אַריינגעקומען אין די קלאָוק שעפּער.

די פראַגע פון אַוטרלעטינג פון דרעס טרייד איז ווידער אויף דעם טאָג־אָרדענונג פון אונזער דזשאָינט באָאָרד. עס איז שוין אַ יאָר נאָך דער קאָנווענשאָן וואו אַ באַשלוס אין שייכות מיט דעם פּראָבלעם איז אָנגענומען געוואָרען, און ביז איצט איז נאָך גאָרניט געטאָן געוואָרען דעם באַשלוס דורכצופירען. ווער עס איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם וואָס דער באַשלוס איז ביז איצט ניט דורכגעפירט געוואָרען, זיינען מיר אין דעם מאָמענט ניט אויסען זיך צו גריבלען.

ווי אויבען געזאָגט איז די פראַגע נאָך אַמאָל געשטעלט געוואָרען אויף אונזער טאָג אָרדנונג און די דזשאָינט באָאָרד האָט באַשלאָסען זיך צו ווענדען צו דעם נעקסטען גענעראַל עקזעקוטיוו באָאָרד מיטינג מיט דעם פאַרלאַנג אַז דער העכסטער אינסטאַנץ פון אונזער אינטערנעשאָנאַל זאָל איין מאָל פאַר אַלע מאָל שליכטען די פראַגע אַזוי אַז די קלאָוקס וואָס ווערען פּראָדוצירט אין די דרעס שעפּער זאָלען געשטעלט ווערען אונטער דעם קאָנטראָל פון דער קלאָוק דזשאָינט באָאָרד.

---

דער היי־יאָריגער ערשטער מאַי פאַלט אויס זונטאָג. זונטאָג איז פאַר די מערסטע אַרבייטער אַ רו טאָג און, לויט דעם געזעץ פון ניו יאָרק סטעיט איז זונטאָג ניט ערלויבט צו פּאַראַדירען אין די גאַסען.

ווייל דער ערשטער מאַי פאַלט דאָס מאָל אויס זונטאָג, דאַרום האָבען די לאָקאַלען פון דער אינטערנעשאָנאַל באַשלאָסען ניט צו האָבען קיין פּאַראַד. עס איז זעהר מעגליך אַז אַפילו ווען דער ערשטער מאַי וואָלט ניט אויסגעפאַלען זונטאָג וואָלטען די לאָקאַלען אויך געמאַכט אַ באַשלוס ניט צו פּאַראַדירען ווייל אונזערע פּאַראַדען וועלכע זיינען אין די לעצטע יאָרען אַראַנזשירט געוואָרען זיינען ניט געווען קיין ערפאָלגרייכע, ניט אַכטענדיג וויפיל געלד און מיה מיר האָבען אַנגעווענדעט צו מאַכען די פּאַראַדען אַן ערפאָלג.

לאָמיר נעמען די פייערונג פון דעם לעצטען ערשטען מאַי, ניט דורך אַ פּאַראַד נאָר דורך אַ גרויסען מאַס מיטינג פון אונזערע מעמבערס פון דער אינטערנעשאָנאַל פון דער שטאָדט ניו יאָרק. אויך די פייערונג איז ניט געווען קיין ערפאָלג. וויפיל געלט עס איז פאַרברויכט געוואָרען פאַר דער ערשטער מאַי פייערונג איז ניט קיין פראַגע. די פייערונג איז אַראַנזשירט געוואָרען אין איינע פון די גרעסטע פּלעצער פון ניו יאָרק, מיט אַ קאָנצערט אין וועלכען עס האָבען אָנטייל גענומען באַרימטע קינסטלער, און דאָך זיינען די מעמבערס ניט געקומען. דער לעצטער ערשטער מאַי איז צוגעפאַלען אויסגעפאַלען שבת — אַ טאָג אין וועלכען אונזער טרייד אַרבייט ניט. וויפיל מעמבערס זיינען געקומען צו דער ערשטער מאַי פייערונג? די אינטערנעשאָנאַל האָט די גענויע ציפערען וויפיל מעמבערס עס האָבען זיך באַטייליגט. עס איז ניט שעהן די ציפערען צו פאַרעפענטליכען ווייל די צאָל מעמבערס וואָס זיינען געקומען פייערען דעם ערשטען מאַי איז געווען זעהר נישטיג אין פאַרגלייך מיט דער גרויסער מעמבערשיפּ וואָס אונזער אינטערנעשאָנאַל האָט אין ניו יאָרק. ווען די גרויסע מאַסען מעמבערס זיינען ניט געקומען דעם ערשטען מאַי וואָס איז אויסגעפאַלען שבת, וואָס איז אַ פרייער טאָג און די טריידס אַרבייטען ניט, ווי קען מען ערוואַרטען אַז זיי וועלען קומען זונטאָג וועלכער איז זייער רוהע טאָג?

דער ערשטער מאַי אַלס אַן אינטערנאַציאָנאַלער יום טוב דאַרף, לויט'ן שכל, געפייערט ווערען דעם טאָג ווען ער פאַלט אויס. פאַלט ער אויס זונטאָג, מאַכט מען אים אַ טאָג בעפאָר אָדער מען מאַכט מיט אים אַ נדחה. ווען דער קלאַסען קאַמף ווערט ניט פאַרשוועכט צוליב אַ נדחה, ווערט ער אויך ניט פאַרשוועכט ווען מען פייערט אים ניט דורך פּאַראַד אָדער מען פייערט אים ניט אין גאַנצען.

---

אין איינקלאַנג מיט דעם באַשלוס פון דעם גענעראַל אָפיס האָט די דזשאָינט באָאָרד אויך באַשלאָסען ניט צו האָבען קיין פייערונג דעם ערשטען מאַי. ווייל די פראַגע איז איבערגעלאָזען געוואָרען צו יעדען לאָקאַל צו האַנדלען ווי ער געפינט פאַר נויטיג, האָט לאָקאַל 117 באַשלאָסען צו פייערען דעם ערשטען מאַי דורך אַ קאָנצערט שבת, דעם 30טן אַפּריל, אין דעם גרויסען היפּאָדראָם. אויף וואָס פאַר אַן אופן לאָקאַל 9 וועט פייערען דעם ערשטען מאַי ווייסען מיר ניט ווען די צייל ווערען געשריבען. די אַנדערע לאָקאַלס פון דער דזשאָינט באָאָרד האָבען, אַזוי גוט ווי די דזשאָינט באָאָרד, באַשלאָסען דאָס יאָר ניט צו האָבען קיין שום פייערונג.

---

דער קאַמפּעין אין ברוקלין אויסצורייניגען די מייזען לעכער אָבער צו ברענגען איינינע שעפּער וואָס זיינען מער ווי מייזען לעכער, אונטער יוניאָן קאָנטראָל, איז ביז איצטער געווען אַ טיילווייזער ערפאָלג. דער קאַמפּעין וואָלט געווען אַ גאָר גרויסער ערפאָלג, ווען אין טרייד וואָלט דעם סעזאָן געווען אַרבייט. צו באַזייטיגען די מייזען לעכער איז דער ווירקזאַמסטער מיטעל פון זיי אַוועקצונעמען די אַרבייטער, און זיי זאָלען ניט האָבען מיט וועמען צו אַרבייטען. ווען אַזעלכע „פירמעס" האָבען ניט מיט וועמען צו אַרבייטען, זיינען זיי געצוואונגען אויפצוהערן שלעפּען אויף די טירען. ווי לאַנג קענען שטעהן אַזעלכע „מאַנופעקטשורערס" ווען מען שטערט זיי אין דער אַרבייט? האָט די יוניאָן ניט געקאָנט אָנווענדען דעם געגענגיפט פון באַזאָרגען די מענשען מיט אַנדערע דזשאָבס, אַז זיי זאָלען ניט דאַרפען שמעקען צו די פּאַראַפּעשטע פּלעצער, צוליב דעם וואָס אין טרייד איז ניט געווען קיין פיעל אַרבייט. דאָס איז ניט די שולד פון דער יוניאָן, נאָר גיכער איז עס די שולד פון דער צייט.

דער קאַמפּעין אין ברוקלין וועט ניט אויפגעגעבען ווערען. ער וועט פאַרגעזעצט ווערען. ער וועט אָנגעהן אַזוי לאַנג ביז וואַנען די ברוקלינער טעריטאָריע וועט ווערען ריין פון ניט־יוניאָן שאָפּס.

---

מיר זאָגען אַז דער קאַמפּעין איז ביז איצטער געווען אַ טיילווייזער ערפאָלג. מיט דעם טיילווייזען ערפאָלג מיינען מיר וואָס די יוניאָן האָט געצוואונגען די פירמע פאַסאַרעלי צו ווערען אַ יוניאָן שאָפּ, און האָט אויך געצוואונגען דעם סקעב קאָנטראַקטאָר קעסלער צו קומען אונטער דער קאָנטראָל פון דער יוניאָן.

וואָס איז שייך די פירמע פאַסאַרעלי, באַלאַנגט זי ניט צו דער זעלבער קאַטעגאָרי ווי קעסלער. פאַסאַרעלי, אַזוי געהט די געשיכטע, איז שוין אין ביזנעס פאַר די לעצטע 27 יאָר, און אָנגעפאַנגען האָט זי איר ביזנעס אַלס קלאָדינג מאַנופעקטשורער. די אַמאַלגאַמייטעד האָט געמאַכט פילע פאַרזוכען דעם שאָפּ צו אָרגאַניזירען. עס איז איר אָבער ניט געלינגען. פאַסאַרעלי, זאָגט מען, פּראָדוצירט נאָך איצט אויך מער מען'ס קלאָדינג ווי לײדי'ס גאַרמענטס. ער פּראָדוצירט לײדי'ס מעניש סוטס און ער פּראָדוצירט אַנדערע נאָוועלטיס פאַר פרויען און דערוואַקסענע קינדער, ווי אויך פאַר נאָר־וואָס געבוירענע בייביס. זיין שאָפּ איז ניט אין גאַנצען קיין שאָפּ פון איין אַרטיקעל. עס איז כמעט אַ דעפּאַרטמענט סטאָר אין דער פאָרמע פון אַ שאָפּ.

צו ברענגען אַ שאָפּ וואָס איז געווען פאַר 27 יאָר אַ ניט־יוניאָן פעסטונג אונטער יוניאָן קאָנטראָל, איז עס פאַר דער יוניאָן ניט געווען קיין לייכטער דזשאָב. ווי אויבען געזאָגט האָט די אַמאַלגאַמייטעד ניט איין מאָל געמאַכט אַ פאַרזוך אים צו אָרגאַניזירען און ווען דאָס איז איר ניט געלונגען, איז עס ניט געווען איר שולד. מען קאָן זיך פאַרשטעלען אַז אַזאַ שאָפּ, אויסער דעם וואָס די אַרבייטער וועלכע אַרבייטען דאָרטען זיינען ניט הויך ענטוויקעלט, האָט זיך נאָך די פירמע באַנוצט מיט געוויסע עלעמענטען אויסער דעם שאָפּ געגען דער יוניאָן.

הגם דער ברוקלינער קאַמפּעין האָט ניט געבראַכט די פולע רעזולטאַטען צוליב די אורזאַכען וואָס ווערען אויבען אָנגעגעבען, זיינען מיר צופרידען מיט דעם ערפאָלג וואָס דער ברוקלינער אָפיס האָט געהאַט אין דורכברעכען די 27־יאָריגע ניט־יוניאָן פעסטונג. דער כח פון אונזער יוניאָן האָט געצוואונגען פאַסאַרעלי'ן מיט אונז אונטערצושרייבען אַן אַגרימענט.

קעסלער'ס שאָפּ, אויסער דעם וואָס ער איז געווען ניט־יוניאָן, איז ער אויך געווען „נומער איינס דאַמפּינג פּלאַץ" וואו יעדער פּאַסקודנער טשיזעלער וואָס האָט זיך געוואָלט אַרויסדרעהען פון יוניאָן באַדינגונגען האָט אין דעם פּלאַץ געפונען זיין זיכערקייט. ברענגענדיג קעסלער'ס שאָפּ אונטער קאָנטראָל איז אַ וואָרנונג צו די טשיזעלערס אַז ברוקלין הערט אויף צו ווערען אַן עיר מקלט.

דער איבערבליק איבער דעם קאַמפּעין וואָלט ניט געווען פולשטענדיג ניט צו דערמאָנען דעם אָנגריף וואָס אַ פּאָר סעקאָנד הענד גאַרילטשעקס האָבען געמאַכט אויף ברודער באַרוכאָוויטש'ן. אויב די לומפּעשע קאָנטראַקטאָרס דענקען אַז מיט שיקען שטאַרקע געגען אונזערע אָפיסערס וועט זיך די יוניאָן דערשרעקען און זי וועט אויפגעבען איר קאַמפּעין געגען זייערע נאָרעס, זיינען זיי — אויף פּשוט אידיש גערעדט — משוגע. די יוניאָן איז אויף דעם סליאַד פון די אָנגרייפערס, און זאָל זיי דער וואָס אייביג לעבט העלפען אַריינפאַלען אין אונזערע הענט.

---

די קלאָוק פּרעסערס האָבען באַשלאָסען צו פייערען דעם 35־יאָריגען יובילעאום פון זייער יוניאָן, דעם 25־יאָריגען יובילעאום פון זייער קראַנקען און קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט און 25 יאָר דינסט פון ברודער דזשאָ. ברעסלאָוו אַלס אָפיסער פון לאָקאַל 35. אַלע דריי פייערונגען אין איינעם זיינען גאַנץ באַרעכטיגט און מיט דער פייערונג וועט די אידישע אַרבייטער באַוועגונג אונטערציהען דעם סך הכל פון נאָך אַ גלאָררייכען בלאַט פון איר געשיכטע.

די פייערונג וועט פאַרקומען אין מאָנאַט דזשון, און דער לאָקאַל גרייט זיך צו פייערען דעם יום טוב אין דער יוניטי הויז. די מעמבערס און פריינד פון לאָקאַל 35 וועלען זיך זיכער פרעהען דערמיט וואָס דער לאָקאַל האָט דערלעבט צו פייערען זיין דרייפאַכען יובילעאום אויף אַזאַ זעלטענעם אופן.

רעגירונגען פון דייטשלאנד און איטאליע שטיצן פראנקא מיט מענשען־קראפט און מאטעריאלען און אויף אזא אופן ווערט דער קאמף פאר פרייהייט און אפהענגיקייט מצד דעם שפאנישען פאלק אונטערדריקט.

דער אויפרוף איז אונטערגעשריבען פון סאשא זימערמאן, אלס טשערמאן, אלעקס ראוז, סעקרעטאר און דייוויד דובינסקי, טרעזשורער.

### א סך סטיילס, אבער ווייניג ארבייט.

לויט אן אנאנס אין לעצטען נומער „דזשאסטיס" זיינען אין דרעס טרייד פאר די לעצטע 4 מאנאטען געסטעלט געווארען 52 טויזענט 9 הונדערט מיט 33 סטיילס. לויט ווי דער איצטיגער סעזאן רוקט זיך, דאכט אונז, אז מעהר ווי סטיילס און סעמפעלס ווערען ניט געמאכט. וואלט ניט געווען א סברה, אז מען זאל אויפהערען צו מאכען אזוי פיל סטיילס און נעמען זיך צו א סטאק?

ווער ווייסט, אפשר ליגט טאקע דא דער הונט באגראבען? ווארום לויט אן ארטיקעל, וועלכער איז לעצטען יאהר דערשינען אין דער טרייד צייטונג „וויִמענס וועיר", געשריבען פון זייער ספעץ טשארלס קאל, קאסט אומגעפער פון 150 דאלאר ביז 250 דאלאר צו פראדוצירען א סטייל. דאס מיינט, אז די דרעס טרייד האט היינטיגען סעזאן אויסגעגעבען אן ערך פון 10 און א האלב מיליאן דאלאר אויף בלויז סטיילס. פרעגען מיר אייך, בנאמנות, איז עס ניט א משוגעת?

### ארבייטסלאזע ווערען באזעצט אין שעפער!

די גרויסע אנשטרענגונג וועלכע ווערט געמאכט מצד לאקאל 22 צו באזעצען ארבייטסלאזע מיטגלידער אין די שעפער, האט שוין געבראכט גוטע רעזולטאטען. הונדערטער מיטגלידער, אפרייטארס, פינישערס, דרייפערס, עקזאמינערס און קלינערס, זיינען אין פארלויף פון די לעצטע פאר וואכען, ארויפגענומען געווארען צו דער ארבייט, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס אין טרייד, ווי אויבען דערמאנט, איז נאך ווייט פון צו זיין ביזי.

### זעהר איינדרוקספולער מיטינג.

געהאלפען אין דעם האבען די דיסטריקט־שאפ־טשערמאן־מיטינגען וועלכע ווערען אפגעהאלטען כמעט אלע אווענד. די מיטינגען ווערען גערופען אויף דער איניציאטיווע פון ברודער סאשא זימערמאן, דער מענעדזשער פון לאקאל 22, און ער איז טאקע דארט דער הויפט־רעדנער.

אונז איז אויסגעקומען צו באזוכען איינעם פון אט־די מיטינגען לעצטען דינסטאג, דעם 19טען אפריל. צום מיטינג זיינען גערופען געווארען די טשערלייטס פון ברודער אליווא'ס דעפארטמענט. אויבען אן זיינען געזעסען די ביזנעס אגענטען: גאלדשטיין, ליפניאק און טערי. אליווא איז געווען טשערמאן. די קאנסול רום פון דזשאינט באארד, וואו דער מיטינג איז פארגעקומען, נעמט אריין אן ערך פון 250 מענשען. ווען מיר זיינען אריין אין צימער האט שוין ברודער זימערמאן געהאלטען אין רעדען. געפונען א ליידיגען שטול אין סאמע ווינקעל, און שטילערהייט אוועקגעזעצט זיך. אין זאל האט געהערשט אן ארדנונג אז אפילו אונזערע קאלעגען אין דער ניו יארקער סטייט אסעמבלי, וואלטען אונז מקנא געווען.

ברודער זימערמאן, אין זיין געוויינליך רוהיגען און איבערצייגענדיגען טאן, אנאליזירט די לאגע אין לאנד. ער האט לעצטענס באזוכט איינעגע גרויסע שטעט וואו ער האט אדרעסירט פארזאמלונגען פון ארבייטער פון אנדערע טריידס, ווי אויך איינעגע לאקאלען פון אונזער אינטערנעשאנאל.

„קרוב צו 15 מיליאן מענשען זיינען ארבייטסלאז", זאגט ער צווישען אנדערעס, „די קלעגליכע רעליעף סומען וואס די רעגירונג צאלט קלעקט אפילו ניט פאר א מאלצייט. די מענשען קויפען ניט קיין קליידער. עס איז ניטא מיט וואס. און לאזט אייך ניט פארפירען פון די באלעבאטים וועלכע אגיטירען פאר ביליגע פרייזען. ווען די 3.95 דאלאר דרעס, וואס די דורכשניטליכע ארבייטער פרוי קויפט, וועט אפילו רעדוצירט ווערען מיט 25 סענט אדער 40 סענט וועט עס אייך ניט העלפען. ניין, ארונטערלאזען פון פרייזען איז ניט קיין מיטעל פאר מעהר ארבייט. אויסער דעם וועט די קלענסטע קאנצעסיע אין באצוג צו פרייזען, באלד פארניכטען די גאנצע פארטיידיגונגס־קייט וועלכע אונז איז געלונגען צו בויען א דאנק דעם איצטיגען אגרימענט. געדענקט די טראגעדיע פון די דרעסמאכער אין די יאהרען 1931 און 1932. דאמאלס האט מען רעדוצירט פרייזען און געזוכט אויסצומאכען דעם פארלוסט דורך אווערטיים, שבתים און זונטאג, און צום סוף איז מען געגאנגען אהיים מיט 16 דאלאר פיידע".

דער עולם שאקעלט צו מיט די קעפ. און זאל איז שטיל. קיינער וויל ניט פארלירען אפילו א ווארט פון וואס דער רעדנער האט צו זאגען.

### שטאט און קאנטרי.

פארטיג געווארען מיט דער פראגע פון פרייזען געהט דער רעדנער איבער צו דעם אוט־אוו־טאון פראבלעם, וועלכע די באלעבאטים און אפילו איינעגע אייגענע שלעכט־אינפארמירטע מיטגלידער ברענגען ארויף. ער ווייזט אן אז עס איז ניט אמת אז „דארט" ארבייט מען וועהרענד אין ניו יארק איז „סלאו". „ניטא מעהר", זאגט ברודער זימערמאן, „קיין קאנקורענץ צווישע שטאט און קאנטרי. ווען עס איז סלעק אין ניו יארק איז אויך סלעק אוט־אוו־טאון. צווייטענס, ארבייטען דארט אויך יוניאן לייט און זיי, פונקט ווי מיר דא, זיינען בארעכטיגט צו מאכען א לעבען". אמאל ווען דעמאגאגיע און היפאקריסטווא האבען ביי אונז געשפילט די הויפט־פידעל, וואלט אזא באמערקונג מצד איינעם פון אונזערע סאמע וויכטיגסטע פירער, פאראורזאכט א שטורעם פון פראטעסט. מענשען זיינען ערוועהלט געווארען צום אמט, געדענקט דער שרייבער, נאר דערפאר וואס זיי האבען געקענט אויפבלאזען א האס פון פייער געגען די „פרעמדע" ארבייטער אויסער ניו יארק. די צייטען האבען זיך אבער געביטען. דער עולם איז מעהר ניט קיין „גולם". יעדער פארנינפטיגער מענש פארשטעהט אז אחדות און ניט שנאה צווישען דעם ניו יארקער און קאנטרי ארבייטער איז אומבאדינגט נויטיג. „היט זיך", זאגט ווייטער ברודער זימערמאן, „געגען דער גיפטיגער פראפאגאנדע וועלכע די באלעבאטים גרייטען צו, איבערהויפט איצט ווען מיר באדארפען אנהויבען פארהאנדלונגען וועגען באנייען אונזערע אגרימענטס וועלכע געהען אויס אין עטליכע מאנאטען ארום".

### אן ארבייטסלאזען פאר יעדען שאפ

ברודער זימערמאן געהט איבער צום עצם ענין — באזעצען ארבייטסלאזע אין די שעפער. „מען זאגט מיר אז מען קען די זאך ניט אויפנעמען מיט די שאפ־טשערלייטע. זיי קענען ניט און ווילען ניט פארשטעהן די ערנסטקייט פון דעם פראבלעם. זיי קאנפעדירען גיכער מיט די באלעבאטים ווי מיט'ן אפיס. נו, באלאנג איך אבער צו דער שולע פון ארבייטער־פירער, וועלכער דענקט אז דורך אן ענגען הארץ־צו־הארץ צוזאמענרעדען זיך מיט די שאפ־טשערלייטע קען מען אפילו אט־די שווערע פראגע אויך שליכטען. ווארום אויב מיר זאלען ניט האבען אויף אזוי פיל צוטרויען צו די שאפ־טשערלייטע — אונזערע אפיציעל אויסגעוועהלטע פארשטייער אין די שעפער — דאן איז די לאגע ווירקליך זעהר טרויעריג. מיר האבען אין טרייד אן ערך פון 3,000 שעפער. איז ווען אונז זאל געלונגען צו באזעצען אפילו בלויז 1 ארבייטסלאזען מיטגליד אין א שאפ, איז אונזער פראבלעם געלייזט. איז עס צופיל צו פארלאנגען פון אייך שוועסטער און ברידער?" מיר קוקען בביון אריין אין די פנים'ער פון די פארזאמעלטע וואס פאר א ווירקונג דעם רעדנערס ווערטער האבען אויף זיי געמאכט, און איבעראל מערקט זיך אן עכט ברידערליך און עכט פריינדליכער אויסדרוק. די מענשען פארשטעהען. די מענשען באגרייפען די וויכטיגקייט פון געפינען א פלאץ פאר אן ארבייטסלאזען ברודער אדער שוועסטער. „און פארגעסט ניט" זעצט ברודער זימערמאן פאר, „ווען איך זאג אן ארבייטסלאזען, מיינט עס ניט דוקא אן אפרייטאר. ניין, עס מעג זיין א פינישער, דרייפער, עקזאמינער, קלינער, אדער פרעסער. און ווען איר נעמט אימיצען ארויף, טוט עס דורכ'ן אפיס. ווענדעט זיך צו אייער ביזנעס־אגענט. לאכט זיך אויס פון די בלבולים אז דער ביזנעס־אגענט וועט ארויפשיקען זיינע פריינד. דאס איז לעכערליך. מיר האבען דא צו טאן מיט יוניאן מיטגלידער און יעדער לאיאלער מיטגליד פון דער יוניאן האלט זיך פאר א פריינד פון זיין יוניאן און איהר פירערשאפט. פארקערט, איך האלט זייער ווייניג פון א ביזנעס־אגענט וועלכער האט ניט קיין פריינט. דאס איז דער בעסטער סימן אז ער איז א טויגעניכץ. און צווייטענס, מעגען מיר דיסקרימינירען געגען א מיטגליד פון דער יוניאן, דערפאר וואס ער אדער זי האלט זיך פאר א פריינד פון ביזנעס־אגענט? איך אפעליר אז איר זאלט ארויפנעמען ארבייטסלאזע דורכ'ן אפיס דערפאר וואס די ארבייטסלאזע זיצען אין אפיס און דוקא נעבען די ביזנעס־אגענטען אין דער האפנונג צו קריגען א דזשאב און מיר באדארפען באצייטענס אנפאנגען אן אגיטאציע אז די ארבייטסלאזע זאלען זיך ניט שלעפען אין די גאסען זוכענדיג סיינס, נאר אז מען דארף אן ארבייטער, זאל מען זיך ווענדען אין אפיס".

נאך ברודער זימערמאנ'ס רעדע, וועלכע איז באגלייט געווארען פון אפלאדיסמענטען, האט גערעדט ברודער אליווא. ער האט אויפ'ן שרייבער געמאכט א זעהר פיינעם איינדרוק. אליווא איז איינער פון די „אלד טיימערס". ער האט אין זיך איינגעזאפט די שעהנע טראדיציעס און אידעאלען פון דער וועיסט־מאכער יוניאן. זיין שפראך איז קלאר און גוט. ער האט זיך אפגעשטעלט אויף עטליכע פראגען, וועלכע דער פלאץ ערלויבט ליידער ניט צו בארירען. נאך איהם האבען גערעדט א היבשער צאהל שאפ־טשערלייטע. אלע רעדנער האבען זיך פארפליכטעט ארויפצונעמען די ארבייטסלאזע און געבען דעם אפיס זייער פולשטענדיגע קאאפעראציע. דער מיטינג האט אונז פארשאפט אן אמת'ן פארגעניגען.

### באזוכט די דיסטריקט מיטינגען.

היינטיגען מאנטאג, דינסטאג, מיטוואך און דאנערשטאג, אפריל דעם 25טען, 26טען, 27טען און 28טען קומען פאר די רעגעלע מיטגלידער מיטינגען פון לאקאל 22. די מיטגלידער ווערען אויפגעפאדערט צו באזוכען די פארזאמלונגען. לייענט די טעגליכע פרעסע פאר מעהר אויסקינפטע.

## אינטערנעשאנעל פאדערט אויף לאקאלס צו העלפען ארבייטער רינג מעמבערשיפ קאמפיין

אין פארבינדונג מיט דעם קאמפעין, וואס דער ארבייטער רינג פירט איצט אן צו רעקרוטירען נייע מיטגלידער און ארגאניזירען נייע ברענטשעס, האט פרעזידענט דובינסקי פון דער אינטערנעשאנאל לעידיס גארמענט ווארקערס יוניאן ארויסגעשיקט א בריף צו אלע אנגעשלאסענע לאקאל יוניאנס, אויפאדערענדיג זיי צו העלפען אין דעם קאמפעין און זען, אז מיטגלידער זאלען זיך אנשליסען אן ארבייטער רינג און וואו מעגליך זאלען נייע ברענטשעס פון אינטערנעשאנאל מיטגלידער ארגאניזירט ווערען ווי דאס איז געשען געווארען ביז איצט אין איינעגע לאקאלס.

פרעזידענט דובינסקיס בריף איז ווי פאלגט:

„די לעצטע קאנווענשאנס פון אונזער אינטערנעשאנאל האבען אפיציעל אינדארסירט דעם ארבייטער רינג און באשלאסען אויפצופאדערען אונזערע לאקאלס, אז זיי זאלען מיטהעלפען אין די קאמפעינס פון דעם ארדען מיט אלע מעגליכע מיטלען.

„דער ארבייטער רינג, אלס פראטערנאלע ארגאניזאציע, פארנעמט א זייער וויכטיגען פלאץ אין דער ארבייטער באוועגונג. עס איז זיכער ניט נויטיג פאר מיר צו ערקלערען אייך די לייסטונגען פון דער ארגאניזאציע פאר דער ארבעטער באוועגונג בכלל און פאר אונזער אינטערנעשאנאל בפרט. ווען אונזער ארגאניזאציע איז געווען פארוויקעלט אין סטרייקס געגען בעלי בתים אדער איז געווען אפגעשוואכט צוליב אנדערע אורזאכען, איז עס געווען דער ארבייטער רינג, וועלכער האט אונז געגעבען פולע און ברידערליכע הילף. איצט, ווען דער ארבייטער רינג פירט אן א קאמפעין פאר נייע מיטגלידער, איז עס די פליכט פון אונזערע לאקאלס צו געבען זיי די בריית־הארציגע שטיצע וואס זיי פארדינען.

„אין אנקלאנג מיט די קאנווענשאן באשלוסען, האבען איינעגע לאקאלס אונזערע ארגאניזירט ביי זיך ברענטשעס. איך פאדער אייך דעריבער אויף ארויסצושטעלען די פראגע וועגען ארבייטער רינג אויפן טאג ארדנונג פון אייער לאקאל, צו פארשטארקען די ברענטשעס דארט, וואו זיי עקזיסטירען און גרינדען ברענטשעס דארט, וואו קיין ברענטשעס זיינען נאך איצט ניטא. מיר פאדערען אייך אויף אויפצוקלערען די מיטגלידער ווי וויכטיג עס איז פאר זיי פערזענליך זיך אנצושליסען אן ארבייטער רינג און ספעציעל, די וויכטיגקייט פון ארגאניזירען א ברענטש אין לאקאל.

„אונזער יוניאן האט א טיפען אינטערעס אינ'ם וואוקס און פארשטארקונג פון ארבייטער רינג און איך האף, אז איר און די מיטגלידער פון אייער לאקאל באגרייפען עס און וועלען קאאפערירען מיטן ארבייטער רינג אין דעם מעמבערשיפ קאמפעין".

מיט ברודער גרוס,

דוד דובינסקי,
פרעזיד

# אין דער קלאוק פינישערס יוניאן לאקאל 9

פון איזידאר סארקין, מענעדזשער.

די האפנונג פון די קלאוקמאכער נאכ'ן לעצטען ווינטער סעזאן, אז דער ספרינג סעזאן וועט זיין א גוטער, איז ניט פארווירקליכט געווארען. אין דער צייט ווען די שורות וועלען געלעזען ווערען, וועט שוין זיין פאקטיש נאכ'ן סעזאן, און די איינציגע גוטע זאך וואס מען קען זאגען וועגען פארגאנגענעם סעזאן איז דאס וואס ער איז שוין אוועק.

די אלע פאראויסזאגונגען און „סימנים" אין וועלכע איינינגע אין אונזער אינדוסטריע גלויבען, ווי צום ביישפיל, א שפעטערדיגער „איסטער סאנדיי", אז דאס וועט פארלענגערען דעם סעזאן, האט אויך ניט אויסגעהאלטען. אפנים אז אונזער טרייד איז אונטערגעווארפען די זעלבע עקאנאמישע און אינדוסטריעלע געזעצען פון לאנד ווי אלע אנדערע טריידס.

אבער אויב פאר די קלאוקמאכער בכלל איז געווען א שלעכטער סעזאן, איז עס געווען דאפעלט שלעכט פאר די פינישערס. די פינישערס האבען דורכגעמאכט א ביטערע צייט. עס איז אפילו אמת, אז פאר די לעצטע פאר יאר איז אין די ספרינג סעזאנען ניט געווען צופיל ארבייט פאר פינישערס, אבער עס פלעגט זיין מער אדער ווייניגער פאר-געטרימטע ארבייט, וועלכעס האט א סך געהאלפען. דעם סעזאן אבער, ווען ארבייט איז געווען ווייניג און דאס וואס עס איז יע געווען איז געווען זעהר ווייניג געטרימט מיט פאר, איז טאקע די לאגע פון די פינישערס געווען גאנץ צרה'דיג. מיט דער אויסנאם פון די וועלכע זיינען באשעפטיגט ביי דער גאר גוטער ליין ארבייט, וואס זייער צאל איז באגרענעצט, האבען די גרעסטע מערהייט פון אונזערע מיטגלידער זעלטען וואו אויסגעארבייט פולע עטליכע וואכען. אפטמאל איז ארבייט געווען ניט מער ווי צוויי אדער דריי טעג דורך דער וואך. און עס איז געווען ניט גוט. און עס איז געווען אומצופרידענהייט.

דאך ניט קוקענדיג אויף דער שווערער צייט וואס אונזערע מעמבערס האבען דורכגעמאכט, איז דא איין ליכטיגע זייט אין דער סיטואציע. דאס איז, וואס עס איז ניט געווען קיין ברעקעל אפאטיע! קיין נידערשלאגענקייט אדער אפהענטיגקייט.

די מיטגלידער ווייסען, אז פאר די שלעכטע סעזאנען קען מען ניט באשולדיגען די יוניאן; אז אונזער אינדוסטריע איז בלויז א טייל פון דעם גאנצען עקאנאמישען און ווירטשאפטליכען לעבען פון לאנד; אז מיר זיינען אונטערגעווארפען די זעלבע אומשטענדען וואס ברענגט ארבייטסלאזיגקייט אין אנדערע טריידס. אונזערע מיטגלידער ווייסען אויך — און אין דעם זיינען מיר זיכער — אז אפגעזעהן פון דער שלעכטער צייט האט אונזער יוניאן געטאן אלעס מעגליכעס צו געפינען א לעזונג צו די אנגעווייטאגטע פראבלעמען פון טרייד. און די פינישערס ווייסען אויך, אז אונזער לאקאל האט געטאן אלעס וואס איז אין אונזער כח צו מאכען מעגליך, אז דעם טאג אדער די שטונדע וואס מען ארבייט, זאלען אונזערע מעמבערס פארדינען ווידזשעס.

***

מיר האבען אויבען אפגעשטעלט זיך אויף דער לאגע אין טרייד אין אלגעמיין. א באזונדער שווערע פראבלעם זיינען פאר אונז געווען מיטגלידער, וועלכע האבען אין גאנצען קיין שעפער ניט געהאט. זייער לאגע איז געווען אמת טראגיש. עס איז אויך ניט געווען וואס מקנא צו זיין דער יוניאן אדמיניסטראציע, וועלכע האט געהאט דעם פראבלעם צו באגעגענען, און זיך טרעפען יעדען טאג מיט מיטגלידער, וועלכע מיר ווייסען אז זיי האבען געארבייט און האבען אלע מאל געמאכט א לעבען, זיינען ארבייטספעהיג און וויליג צו ארבייטען און האבען דאך ניט געהאט דעם גליק ביי זייער בעסטען ווילען און זייער גאנצע אנשטרענגונג צו געפינען א דזשאב דעם סעזאן. מיר האבען אוועקגעשטעלט די פראגע פון די ארבייטסלאזע אויפ'ן טאג ארדנונג פון דער עקזעקוטיוו באארד גלייך ביים אנפאנג פון ספרינג סעזאן. מיר האבען גערופען ספעציעלע מיטינגען פון אונזער סטעף ביזנעס אידזשענטס, וואו די פראגע פון געפינען דזשאבס פאר די ארבייטסלאזע איז באהאנדעלט געווארען. יעדער איינער פון די ביזנעס אידזשענטס האלט זיך געפילט גליקליך, ווען ער האלט אוועקגעזעצט אן ארבייטסלאזען מעמבער צו דער ארבייט. עס האט זיך אבער ארויסגעצייגט צו זיין א גאנץ שווערער עסק. ערשטענס, צוליב דעם וואס עס איז בכלל געווען ווייניג ארבייט אין די שעפער, און נאטירליך קומט אן שווער צו באוועגען א פירמע ארויפצונעמען נאך אן ארבייטער ווען עס איז ניטא צופיל ארבייט. און צווייטענס, איז די שטערונג געקומען ניט בלויז פון די באלעבאטים, נאר גאנץ אפט אפילו אויך פון די ארבייטער. און ניט אלע מאל איז עס געווען צוליב שלעכטסקייט, נאר גאר פשוט, אפטמאל האט נאך איין פינישער געמיינט נאך ווייניגער פון די פאר טעג ארבייט וואס מען האט געהאט. נאטירליך זיינען מאנכע פינישערס געווען אומצופרידען ווען דער ביזנעס אידזשענט איז ארויפגעקומען און האט ממש געריסען מען זאל ארויפנעמען נאך א בעל-מלאכה.

האט עס טאקע ניט געטויגט. און דאך, אפילו אונטער די שלעכטע אומשטענדען האבען מיר באוויזען צו געפינען דזשאבס פאר א געוויסע צאל פינישערס. אבער די פראבלעם פון די וועלכע האבען קיין דזשאבס ניט געפונען און האבען קיין שעפער ניט, איז געבליבען. און עס איז געווען די אויפגאבע פון אונזער לאקאל צו העלפען זיי וויפיל מען קען אום ווי ווייט מעגליך איבערצוקומען די שלעכטע צייט. דערפאר האבען מיר איינגעפירט דעם ארבייטסלאזען רעליף פאנד.

איצט ווען די שורות ווערען געשריבען, האבען מיר נאך ניט די גענויע ציפער וועגען דער צאל מיטגלידער וואס זיינען פון דעם פאנד געשטיצט געווארען און די פולע סומע געלט וואס עס איז אויסגעצאלט געווארען. מיר וועלען עס טאן ביי א צווייטער געלעגענהייט. אבער די מיטגלידער קענען זיך שאפען א באגריף פון דער צאל וואס האבען זיך געווענדעט, פון דעם וואס די ספעציעלע ארבייטסלאזע רעליף קאמיטע פלעגט אנפאנגען אירע זיצונגען ארום איינס נאכמיטאג און איז קיינמאל ניט פארטיג געווארען בעפאר 9 אדער 10 ביינאכט. און מיר קענען אויך מיט זיכערהייט באהויפטען, אז אלע מיטגלידער וואס זיינען געווען נויטבאדערפטיג און בארעכטיגט און האבען זיך געווענדעט אין לאקאל, זיינען געשטיצט געווארען און זיינען פון דער קאמיטע באהאנדעלט געווארען אויף א ברודערליכען און פריינדליכען אופן. מיר זאגען ניט, אז דער פינישער וואס איז געווען ארבייטסלאז האט געקענט פון די עטליכע דאלער, וואס דער לאקאל האט אים געגעבען, מאכען א לעבען פאר זיך און דער פאמיליע, אבער ער וואלט זיכער געווען אין א סך אן ערגערע לאגע ווען ער האט עס ניט. און מיר גלויבען, אז איצט, ווען מען האט געזען די צאל מיטגלידער וועלכע מען האט געהאלפען און מען האט געזען די ספעציעלע קאמיטע ביי דער ארבייט, וועלען אלע איינשטימען, אפילו די עטליכע מעמבערס וואס זיינען געווען געגען שאפען דעם פאנד און זיינען ביים גענעראל מעמבער מיטינג ארויסגעטראטען געגען, מיינענדיג מסתמא אז זיי טוען א גוואלדאוונע טובה די פינישערס, אז דער באשלוס איז געווען א פראקטישער און א לויבענסווירדיגער.

## אן ארבייטער רינג ברענטש פון לאקאל 9

דעם ווארימען אינטערעס וואס פרעזידענט בר. דובינסקי נעמט אין דער גרינדונג פון ארבייטער רינג ברענטשעס אין אונזער טרייד איז זיכער ווערט צו באגריסען. מיר זיינען זיכער, אז דער צושריפט וואס איז ארויסגעשיקט געווארען צו די לאקאלען וועט נאך מער סטימולירען דעם דרייוו פאר מיטגלידער. ליידער מוזען מיר צוגעבען, אז אונזער לאקאל האט ניט גענוג געטאן אויף דיזען געביט. אבער עס איז ניט צושפעט. אזא ברענטש האלט זיך איצט אין גרינדען. א געוויסע צאל מיטגלידער האבען זיך שוין פארגעשלאגען. מיר זיינען זיכער, אז צווישען די מיטגלידער פון לאקאל 9 זיינען פאראן זעהר פיל וואס באלאנגען ניט צום ארבייטער רינג און באלאנגען ערגעץ ניט. מיר גלויבען, אז מיר דארפען ניט דערצעהלען ווי וויכטיג עס איז פאר א יחיד צו באלאנגען צו אזא ארבייטער ארדען פון זעלבסטהילף. עס מיינט פארזיכערונג אין צייט פון קראנקהייט, פון נויט. עס מיינט חבר'שע הילף אויפ'ן געזעלשאפטליכען געביט. עס איז יעצט די צייט צו אנשליסען זיך אין אזא ארבייטער רינג ברענטש. און מיר האפען, אז די מיטגלידער וועלען זיך אפרופען אויפ'ן רוף און וועלען ווערען א טייל פון גרויסען שעהנעם צווייג פון אונזער ארבייטער באוועגונג. ווענדעט זיך נאך אינפארמאציע וועגען ברענטש אין אפיס פון לאקאל.

# בריוו אין רעדאקציע

## אן ענטפער סטענזער'ן.

ווערטער רעדאקטאר:

אין אפריל נומער „גערעכטיגקייט" טרעט ארויס ברודער סטענזאר געגען די מעמבערס וואס גיבען ארויס דעם „אוואנגארד", באשולדיגענדיג זיי אין אומפאראנטווארטליכקייט און צעשטערערישע ארבייט אין דער יוניאן. ער זאגט, אז בלויז אין לאקאל 117 קען פארקומען אזא הפקרות, „אז אונטער דעם אויסרייד פון דעמאקראטישע רעכט זאלען עטליכע ניט-דערלאפענע קאנדידאטען אין די לעצטע עלעקשאנס זיך האבען דערלויבט ארונטערצורייסען פריהערדיגע באשלוסען, דיסקרעדיטירען די יוניאן און די פירערשאפט און ארייטראגען דעמאראליזאציע אין די רייען פון די ארבייטער. סטענזאר באגרינדעט זיין אטאקע אויף דעם וואס די אלע פראגען וואס די מענשען הייבען אויף זיינען ניט קיין נייע, ווי מעניש סטייל סוטס, ברוקלין, אוט-אור-טאון און ענליכע וועלכע זיינען שוין פיל מאל דיסקוסירט געווארען און גוטגעהייסען געווארען ביי די לאקאלע מיטינגען און אין דער עקזעקוטיווע. ער איז מיט דער מיינונג, אז אויפהייבען אזוינע פראגען נאך אמאל, נאך דעם ווי מען האט שוין באשלאסען, איז א מאראלישער און ארגאניזאציאנעלער פארברעכען.

וויל איך פרעגען סטענזאר'ן, זינט ווען איז ער עס געווארען א היטער פון מאראל, דעמאקראטי און אנשטענדיגקייט אין דער יוניאן? ער געדענקט זיכער די צירקולארען וואס ער האט ארויסגעלאזען אין דער צייט פון די וואלען פאר דעלעגאטען צו דער לעצטער קאנווענשאן, אין וועלכע עס איז דערקלערט געווארען, אז די אלע קאנדידאטען וואס זיינען ניט אויף זיין סלעיט, זיינען „נישט ערענסט, נישט עהרליך, נישט פאסענד צו זיין פארטרעטער ביי אן ארבייטער קאנווענשאן, אז זיי האבען ניט אין זינען די ארבייטער אינטערעסען נאר ווילען זיך דורכפארען פאר א לוסט-רייזע אויף די בלוטיגע סענטען פון ארימע ארבייטער". דענקט ער, אז אזעלכע גרונדלאזע באשולדיגונגען אויף געגנער זיינען „קאנסטרוקטיוו און אין די אינטערעסען פון די ארבייטער"?

ווען סטענזער זאל זיך דערמאנען די טעטיגקייט זיינע און פון זיינע חברים אין די פריהערדיגע עטליכע יאר, ווי אזוי זיי האבען געריסען שטיקער פון דער יוניאן, ווי אזוי זיי האבען אויסגעלאכט און באשפיגען די אלע באשלוסען פון דער יוניאן, באשמוצט און באשולדיגט דער יוניאן און איר פירערשאפט אין די שרעקליכסטע פארברעכענס, ניט אכטענדיג אויף דער דעמאראליזאציע וואס דאס האט געשאפען, ווען ער זאל זיך דאס אלעס דערמאנען, וואלט ער ניט געהאט די העזה צו באשולדיגען אנדערע אין צעשטערערישע טעטיגקייט דערפאר וואס זיי הייבען אויף אנגעווייטיגטע יוניאן פראבלעמען.

און וואו, פרעג איך איז דער פארברעכען אויפצוהייבען נאך אמאל די אלטע אנגעווייטיגטע פראבלעמען פון וועלכע מיר קלאוקמאכער ליידען? אמת, די פראבלעמען זיינען אלטע. זיינען זיי אבער געלייזט געווארען? דוכט זיך סטענזאר וועט ניט וואגען זאגען אז די מעניש סטייל סוטס, די קאנקורענץ פון ברוקלין און אוט-אור-טאון שעפער וואו מען ארבייט פאר נידעריגערע סטענדארדס און וועלכע נעמען אוועק די באנדלעך ביי די ניו יארקער קלאוקמאכער, אז די אלע פראבלעמען זיינען שוין געלייזט געווארען און די איבלען אפגעשאפט. און אויב אזוי, טא וואו איז דער פארברעכען זיי ווידער אויפצוהייבען און אנווייזען אויף זיי?

איך וויל זאגען ברודער סטענזאר, אז אויב ער האט באמת חרטה אויף זיינע אמאליגע זינד און וויל איבערקערען א ניי בלאט, דארף ער ערשטענס אנהויבען באגרייפען, אז מענשען וואס זיינען מיט אים נישט איינשטימיג אדער ער מיט זיי, דארף מען ניט באשולדיגען אין פארברעכענס ביז מען האט באווייזט דערפאר. איך קען אויך ניט באגרייפען פאר וואס סטענזאר האט אזוי מורא פאר די וואלען, וועלכעס שיינט צו זיין דער הויפט-מאטיוו פאר זיין אטאקע אויף די מיטגלידער וואס גיבען ארויס דעם „אוואנגארד". אויב עס איז אמת, וואס ער זאגט, אז די ווייט-גרעסטע מערהייט פון די מיטגלידער זיינען איינשטימיג מיט אים און זיינע חברים, וועלען זיי דאך שטימען פאר זיי אין די וואלען און עס איז ניטא וואס מורי צו האבען פאר קריטיק...

מיט אכטונג,

נ. ניקעלסבורג.

# נישטאָ קיין אַרבייט אין לאָס אַנדזשעלעס

כאַטש געאָגראַפיש און קלימאַטיש זיינען מיר ווייט און פאַרשיידען פון ניו יאָרק, ווען ביי אונז, אין לאָס אַנדזשעלעס איז היים, איז ביי אייך אין די איסט קאַלט, איז אָבער וואָס אַנבאַלאַנגט גוטע און שלעכטע סיזאַנס אומעטום דאָס זעלבע. ווען עס איז גוט אין דער איסט, איז אויך ניט שלעכט ביי אונז, און ווען עס איז שלעכט ביי אייך איז נאָך ערגער ביי אונז.

ביי אונז איז ערגער, ווייל קאַליפאָרניע, הויפּטזעכליך לאָס אַנדזשעלעס, האָט שוין אַזאַ צוציאונגס-קראַפט. מענשען ווילט זיך זען, און אויב מעגליך, טאַקע וואוינען, מאַכען זייער היים אין דער זוניגער לאָס אַנדזשעלעס. נו, איז אַזוי לאַנג ווי מען אַרבייט, מען מאַכט אַ לעבען, וועט מען ניט פאַרלאָזען אַ דזשאָב און פאָרען זוכען גליקען אַפילו אין דער גאָלדענער וועסט. אָבער אַז קיין דזשאָב איז ניטאָ און די אויסזיכטען צו קריגען אַרבייט זיינען אויך שוואַך, איז אַזוי ווי אַמאָל פלעגט מען פאַרלאָזען איינגעפונדעוועטע היימען און פאַמיליעס אין אייראָפּע און פאָרען אין דער ווייטער אומבאַקאַנטער אַמעריקע, אַזוי פאַרלאָזט מען איצט די איסט — ניו יאָרק, שיקאַגאָ און אַנדערע שטעדט און מען פאָרט מיט טריינס, באַסעס, מיט אייגענע מאַשינקעס אָדער מען נעמט גאָר אַ שפּאַציר אָדער אַ „האַיק" און מען קומט בשלום אָן אין לאָס-אַנדזשעלעס.

מען קומט, פאַרשטייט זיך, אין דער יוניאָן און מען דערציילט, אַז מען איז שוין 20—25 און 30 יאָר אַ יוניאָן מאַן, און מען פרעגט אַ גערעכטע פראַגע: בין איך ניט באַרעכטיגט צו אַ דזשאָב? דער מענש וואָס שטעלט די גערעכטע פראַגע, קען ניט אָדער, בעסער געזאָגט, וויל ניט פאַרשטיין, אַז עס איז ניט קיין פראַגע פון רעכט. זיכער זיינען אַלע באַרעכטיגט צו דזשאָבס. ווער קען עס אַפּלייקענען דאָס רעכט אויף אַרבייט. די פראַגע איז דאָך אָבער ניט פון רעכט, נאָר פון מעגליכקייטען. און עס איז אַבסאָלוט ניטאָ קיין מעגליכקייט צו געבען אַלעמען דזשאָבס. ניט נאָר איז ניטאָ קיין דזשאָבס פאַר די ניי-אָנגעקומענע, נאָר אויך די אַלטע איינוואוינער האָבען ניט קיין דזשאָבס. און די וואָס האָבען, אַרבייטען אויך ניט מער ווי צוויי-דריי טעג אַ וואָך.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען, אין אַזאַ צייט, פאַרשטייט זיך, אַז די באָסעס פּראָבירען מיט אַלע מיטלען צו רעדוצירען פּרייזען און באַשולדיגען די יוניאָן אין אַלע צרות, און עס איז אַ גאַנץ שווערע אויפגאַבע אין אַזאַ צייט אַנצוהאַלטען די געוואונענע באַדינגונגען. ווען מען דאַרף נאָך דערצו אַרגומענטירען מיט אייגענע מעמבערס, מיט ברידער אַרבייטער און אויך זיי איבערצייגען, אַז די יוניאָן איז ניט שולדיג אין די שלעכטע צייטען; אַז רעדוצירען פּרייזען וועט די לאַגע ניט בעסער, נאָר ערגער מאַכען; אַז אָן דער יוניאָן וואָלט געווען פיל, פיל ערגער, דאָס מאַכט די שווערע אַרבייט נאָך שווערער, און דערצו קומט נאָך צו דער פאַרדרוס וואָס נאָך אַזוי פיל יאָר יוניאָן אַגיטאַציע, דאַרף מען נאָך אַלץ איינ'טענה'ען מיט מאַנכע אַרבייטער און איבערצייגען זיי אַז די יוניאָן איז ניט שולדיג וואָס זיי האָבען ניט קיין דזשאָבס.

❖

אָבער עס ווייזט אויס, אַז יעדע שלעכטע זאַך האָט אויך עטוואָס גוטעס אין זיך. אַלס רעזולטאַט פון די שלעכטע צייטען האָבען זיך די לאָקאַלען פאַרטראַכט, אַז אַזוי גוט ווי די יוניאָן באַשיצט דעם מיטגליד ווען ער האָט אַרבייט, דאַרף די יוניאָן אויך עפּעס טאָן פאַר די אַרבייטסלאָזע מעמבערס. אַזוי האָט איצט לאָקאַל 84, דער קאָטערס לאָקאַל, איינגעפירט אַרבייטסלאָזע אינשורענס. שפּעטער איז געקומען דער פּרעסער לאָקאַל 97 און איז נאָכגעגאַנגען אַביסעל ווייטער און האָט איינגעפירט אַרבייטסלאָזע און קראַנקען בענעפיט. די מעמבערס צאָהלען 50 סענט אַ מאָנאַט און פאַר דעם איז מען באַרעכטיגט צו 8 וואָכען אַ יאָר קראַנקען אָדער אַרבייטסלאָזען בענעפיט, 6 דאָלאַר אַ וואָך.

אויך לאָקאַל 65, דער עלטסטער און גרעסטער לאָקאַל, וואָס באַשטייט פון אָפּערייטאָרס און פינישערס, האָט געמאַכט אַ שריט אין דער ריכטונג און האָבען אַנגענומען מיט אַ רעליף פּלאַן צו העלפען אַבסאָלוט נויטבאַדערפטיגע. די אַלע לאָקאַלען זיינען נאָך ניי אין דיזער ריכטונג. מיט דער צייט וועט זיך עס אָבער ענטוויקלען און איך גלויב, עס וועט ברענגען נוצען דער יוניאָן.

פון ה. רובינשטיין.

אונטער די אומשטענדען, אין די שלעכטע צייטען, זיינען מיר געווען געצוואונגען איבערצוקלייבען זיך אין נייע העדקוואָרטערס. איך זאָג געצוואונגען, ווייל מען האָט אונז איינפאַך געמאַכט צו מופען, און אַפילו געמאַכט שוועריגקייטען צו קריגען אַנאַנדער פּלאַץ אויף בראָדוויי. אונז איז אָבער געלונגען צו קריגען פּאַסענדע העדקוואָרטערס און אָפיסעס אין 215 איסט אַכטע סטריט. עס איז ניט אַזאַ רוישיגע ביזנעס גאַס ווי בראָדוויי, אָבער עס איז אויך אין צענטער פון אונזער אינדוסטריע, צו אַ געוויסען גראַד בעסער, ווייל עס איז ניט אַזוי טומלדיג, ניטאָ קיין סטריט קאַרס, אַ מאָדערנע בילדינג, גרעסערע און באַקוועמערע אָפיסעס, באַקוועמע ליכטיגע און לופטיגע צימערען פאַר שאַפּ און קאָמיטע מיטינגען, אַ פּראַכטפולער גרויסער צימער פאַר די דזשאָינט באָאַרד מיטינגען, אין אַלגעמיין גוט צוגעפּאַסט פאַר די פאַרשיידענע טעטיגקייטען וואָס אונזער יוניאָן פירט אָן אויסער די רוטינע יוניאָן אַרבייט. אַזוי האָבען מיר דאָ פּלאַץ פאַר די מוזיקאַלישע און בילדונגס טעטיגקייטען, און אויך פּלאַץ פאַר אַטלעטישע איבונגען.

דער חנוכת הבית אָדער ערעפענונג איז געפייערט געוואָרען שבת אָוונד, דעם 26טען מאַרטש. דער גרויסער אוידיטאָריום איז געווען איבערגעפּאַקט מיט מעמבערס און זייערע פרויען, וועלכע זיינען געקומען פרעהען זיך מיט דער נייער היים פון זייער יוניאָן.

די פּלאַטפאָרמע, וואו עס זיינען געזעסען אַלע דזש. באָאַרד מעמבערס, מיט די באַאַמטע, איז געווען איינגעטונקט אין בלומען געשיקט פון די אַרבייטער פון די פאַרשידענע שעפּער, פון לאָקאַלען און אויך פון פריינדליכע ביזנעס לייט. עס איז געווען אַזוי פיל בלומען, אַז די פּלאַטפאָרמע איז געווען צו קליין. דער זאַל האָט אויסגעקוקט ווי אַ בלומען-גאָרטען.

די פייערונג איז ערעפענט געוואָרען פון ברודער ל. פיין, טשערמאַן פון אונזער דזשאָינט באָאַרד, און ער האָט פאָרגעשטעלט ברודער לוצקי אַלס טשערמאַן פון אָוונט. ברודער לוצקי האָט אין אַ קורצער רעדע באַגריסט די פאַרזאַמעלטע און האָט פאָרגעשטעלט די פאָלגענדע באַגריסער: ברודער ה. דען, פון לאָקאַל 65; דזש. ניר־מאַן, פון לאָקאַל 97; א. ברענער, פון לאָקאַל 84; פּאָול בערג, פאַר דעם דרעס מאַכער לאָקאַל 96; ברודער פיינבערג, אַלס דער הויפּט רעדנער פון אָוונט, האָט אין זיין רעדע באַרירט איניגע וויכטיגע פראַגען, אַזעלכע ווי אונזער שטעלונג צו דער לייבאָר נאָן פּאַרטיזען ליג, אונזער שטעלונג צו דער סי. אַי. אָ. און וועגען אונזער אַרבייט פאַר דעם לאָס אַנדזשעלעס סאַנאַטאָריום, אין פאַרבינדונג מיט דער האָספּיטאַל געבידע, וואָס ווערט געבויט פון אונזער אינטערנעשאָנעל מיט אירע לאָקאַלען.

עס איז אויך דורכגעפירט געוואָרען אַ רייכע מוזיקאַלישע פּראָגראַם, אין וועלכער, אויסער די פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטען, האָט זיך גאַנץ פיין אָנגעזען מיט זיינע לייסטונגען אונזער אייגענער מענדאָלין אָרקעסטער, אונטער דער פירערשאַפט פון ברודער דייוו הייס, אַ מעמבער פון פּרעסער לאָקאַל 97, און קלאַדיע ביינקאַ, אונזער דזשאָינט באָאַרד סעקרעטערי, וועלכע איז אַ באַגאַבטע זינגערין. זי האָט געזונגען איניגע לידער און איז שטאַרק אַפּלאָדירט געוואָרען פון די פאַרזאַמעלטע. נאָך דעם פּראָגראַם איז געווען רעפרעשמענטס, און דער עולם האָט פיין פאַרבראַכט.

די „אָלדטיימערס", וועלכע געדענקען אונזערע אַמאָליגע העדקוואָרטערס, — פאַר זיי איז די פייערונג פון דער חנוכת הבית פון אונזערע איצטיגע אָפיסעס און העדקוואָרטערס ווירקליך געווען אַן אומבאַשרייבליכע פריידע און אַ קוואַל פון באַגייסטערונג. זיי האָבען געזען אַז זייער אַרבייט האָט געבראַכט רעזולטאַטען. פון דער קליינער היפּעלע איז געוואָרען אַ גרויסע מאַסע.

פאַרשטייט זיך, מיר ווייסען, אַז די העדקוואָרטערס איז ניט די יוניאָן. עס איז בלויז די ראַם, און וויכטיג איז ניט אַזוי די ראַם, ווי דאָס בילד אין דער ראַם. אין אַנדערע ווערטער — וויכטיג איז די יוניאָן און ניט די העדקוואָרטערס.

נו, אַלס אַ באַאַמטער ווילט זיך צופיל ניט ריידען וועגען דער אַרבייט פון דער יוניאָן. דאָס זאָלען די מעמבערס טאָן. עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו הערען וואָס זיי דיינקען. דאָך, ווילט זיך זאָגען, אַז כאָטש מאַטעריעל, פיזיש, אַזוי צו זאָגען, איז די יוניאָן שטאַרק געוואַקסען און אַ סך פאַרבעסערט און פאַרגרינגערט דעם לעבען פון אונזערע מעמבערס, איז אָבער גייסטיג און מאָראַליש ניט אַזוי. עס פעלט, דוכט מיר, די וואַרימע באַציאונג פון מעמבער צום באַאַמטען און אַפילו פון מעמבער צו מעמבער. עס איז, דוכט מיר, ניטאָ דער נויטיגער צוטרויען און גלויבען אין דער יוניאָן, ווי עס איז געווען אין די אַמאָליגע צייטען, אין די יונגע יאָרען. ווייס איך ניט צי עס איז דערפאַר וואָס מען איז עלטער, פּראַקטישער געוואָרען און מען צייגט מער ניט אַרויס די געפילען ווי אין די יונגע יאָרען, ווען די יוניאָן איז אויך געווען יונג און ניי, אָדער ווייל עס איז, ווי מען זאָגט, „קלענער דער עולם, גרעסער די שמחה". מיר זיינען איצט אַ גרויסע, פאַרשיידענאַרטיגע פאַמיליע, דעריבער איז ניטאָ די נאָענטקייט, אָדער עס איז גאָר די אַלגעמיינע צוטומלעניש און צומישעניש אין דער וועלט, און די צעריסענקייט און צושפּליטערונג אין דער אַרבייטער באַוועגונג, וואָס האָט צוטרייסעלט דעם גלויבען און צוטרויען וואָס האָט אָוועקגענומען דעם גלויבען און האָפנונג און ענטוישט פילע אידעאַליסטישע אַרבייטער. נאָר וואָס עס זאָל ניט זיין די אורזאַכע, ביי אַזעלכע געלעגענהייטען, ביי אַזעלכע פייערונגען ערוועקט זיך אַ בייענקשאַפט נאָך יענע צייטען ווען מען איז געווען פול מיט באַגייסטערונג און גלויבען, ווען דאָס וואָרט יוניאָן איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען כמעט מיט אַ הייליגען ציטער. ווען דער סאָציאַליסטישער אידעאַל איז געווען ריין און אומבאַפלעקט, און ווען אונזערע יוניאָנס זיינען געווען דורכגעדרונגען און באַהערשט פון דעם דאָזיגען אידעאַל. לאָמיר האָפען, אַז איינינגקייט און פאַרשטענדעניש אין דער אַרבייטער באַוועגונג וועט אין גיכען געשאַפען ווערען און אונזער אינטערנעשאָנעל וועט און זאָל זיין די וועגווייזערין צו שלום, און שלום אין דער אַרבייטער באַוועגונג וועט צוריק ברענגען באַגייסטערונג, האָפנונג און גלויבען, און טאַקע די פאַרווירקליכונג פון אונזערע אַרבייטער אידעאַלען.

---

# סטודענטען פאַרבאַנד פון אינטערנעשאָנעל פירט דורך פּראַכטפולע פייערונג

דער פאַרבאַנד פון סטודענטען פון די אינטערנעשאָנעל קורסען האָט שבת, 26טען מאַרטש, דורכגעפירט אַ פּראַכטפולע פייערונג לכבוד דעם שלוס פון היי־יאָריגען לערען-סעזאָן. אויסער די סטודענטען, לערער און לעקטאָרס זיינען ביי דער פייערונג געווען פאַרטרעטער פון אַלע לאָקאַלס פון דער אינטערנעשאָנעל אין און אַרום ניו יאָרק און אַ צאָל פאַרטרעטער פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד.

די פייערונג איז דורכגעפירט געוואָרען מיט אַ לאַנטשאָן ביי טאָג און אַ ספּעציעלער פאָרשטעלונג פון „פּינס און נידעלס", אין לעיבאָר סטעידזש, אין אָוונט. ביים לאַנטשאָן זיינען געהאַלטען געוואָרען פּאַסיגע רעדעס וועגען דער וויכטיגקייט פון בילדונג און פאַרוויילונג פאַר די אַרבייטער און וועגען די דערגרייכונגען פונם עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנאַל אויף דעם געביט. צווישען די רעדנער זיינען געווען: וויס-פּרעזידענט דזשוליוס האָכמאַן, וועלכער איז טשערמאַן פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע; וויס-פּרעזידענט ראָוז פּעסאָטאַ; עדיוקיישאָנאַל דירעקטאָר פון דער אינטערנעשאָנאַל מאַרק סטאַר; פאַניא מ. קאָהען, סעקרעטאַר פון דעם עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט און אַלעקסאַנדער פישהענדלער, גענעראַל עדיוקיישאָנאַל דירעקטאָר פון דער יוניאָן. אַחוץ זיי האָבען גערעדט פאַרטרעטער פון סטודענטען פאַרבאַנד. אַלבערט זעליגמאַן, עקטינג טשערמאַן פון סטודענטען פאַרבאַנד איז געווען טאָסט-מייסטער.

די פאַרזאַמעלטע האָבען אָנגענומען איינשטימיג אַ רעזאָלוציע אויסדריקענדיג זייער דאַנק און צופרידענהייט מיט דער געלעגענהייט וואָס די אינטערנעשאָנאַל גיט זיי צו ענטוויקלען זיך צו אַרבייטען פאַר טריי און איבערגעגעבען פאַר דער יוניאָן צו העלפען מאַכען איר שטאַרקער און מעכטיגער.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Vol. XX. No. 6 — Jersey City, N. J., June, 1938 — Price: 10 Cents

## דער מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע אין מינעאפאליס

די לאקאלס פון דער אינטערנעשאנעל אין מינעאפאליס האבען פולשטענדיג פארדינט, אז די גענעראל עקזעקוטיווע פון זייער מוטער ארגאניזאציע זאל קומען צו זיי און אפהאלטען אין זייער שטאט איר פערטעל־יערליכען מיטינג. עס איז פאר דער גענעראל עקזעקוטיווע געווען א פרייד צו זעהן וואס פאר א שעהנע ארגאניזאציע די מיידלעך און די פרויען פון די דרעס שעפער אין דער צווילינג שטאדט מינעאפאליס און סעינט פאול האבען אויסגעבויט.

עס איז אפשר געווען א ביסעל צו ווייט צו פארען, אבער עס איז געווען ווערט צו זעהן ווי אזוי עס קוקט אויס און ווי אזוי עס פירט זיך אן ארגאניזאציע פון דער אינטערנעשאנעל, וואס איז אין גאנצען אמעריקאניש.

מיר האבען זיך שוין לאנג צוגעוואוינט צו באטראכטען די אינטערנעשאנעל פאר אן אמעריקאניזירטער יוניאן, אבער עכט אמעריקאנישע טיילען אין דער אינטערנעשאנעל, ווי מיר האבען זיי געזעהן אין מינעאפאליס, קוקען אויס אין אונזערע אויגען נאך אלץ ווי עפעס גאנץ ניי, מען קען אפילו זאגען טשיקאווע.

עס איז אמת, אז אט די עכט אמעריקאנער יוניאנס עקזיסטירען שוין ביי אונז ארום פינף יאר צייט, אבער עס שיינט, אז עס איז נויטיג מער צייט זיך צוצוגעוואוינען פולשטענדיג צום געדאנק, אז די אינטערנעשאנעל האט זיך אין גאנצען געביטען פון דעם, וואס זי איז געווזען א מאל. און דאס איז אפשר אויך נאטירליך. מיר זיינען אזוי פיל יארען געווען איינגעוואוינט מיט דעם געדאנק, אז די אינטערנעשאנעל איז א אידישע יוניאן און אז די „שיקסעס” קען מען ניט ארגאניזירען און מען קען אויף זיי ניט האפען, אז זיי וועלען זיך האלטען אין דער יוניאן, איז פלוצלונג אזא איבערקערעניש! די אינטערנעשאנעל איז היינט צו איר גרעסטען טייל א יוניאן פון „שיקסעס” און גאר א גרויסער טייל פון זיי זיינען ניט נאר אליין געבוירען אין אמעריקע, נאר אויך זייערע עלטערען זיינען אמעריקאנער געבוירענע. און וואונדער איבער וואונדער: די „שיקסעס” ווייסען ווי צו פירען א יוניאן און ווי איר איינצוהאלטען!

די ארגאניזאציע פון דער אינטערנעשאנעל אין מינעאפאליס און סעינט פאול איז איינע פון די, וואס מען פלעגט רופען „ג. ר. א. בייביס”, וועלכע זיינען געבוירען געווארען מיט קנאפע פינף יאר צוריק און אין וועמעס לאנג לעבען מען האט ווייניג געגלויבט, בפרט נאכדעם ווי די ג. ר. א. איז אפגעשאפט געווארען. עס איז דא ניט וויכטיג צו ערקלערען פון וואנען אט דער פעסימיסטישער בליק האט זיך גענומען. עס איז פיל וויכטיגער אונטערצושטרייכען דעם פאקט, אז ניט בלויז איז די פעסימיסטישע נביאות ניט אויף דאס מינדעסטע מקוים געווארען, נאר אז די ווירקליכקייט האט אריבערגעשטיגען די געוואגטסטע אפטימיסטישע פאראויסזאגונג. די ארגאניזאציע אין מינעאפאליס איז א טייל פון אט דער ווירקליכקייט. אין דער צווילינג שטאט זיינען איצט פאראן זיבען לאקאלס, גוט ארגאניזירט און גוט פארוואלטעט מיט א טרייער, דיסציפלינירטער מיטגלידערשאפט, וואס קען זיין א שטאלץ פאר יעדער יוניאן.

---

דער מיטינג האט געהאט פאר זיך א גאנצע רייה וויכטיגע פראגען צו פארהאנדלען. גענוג צו דערמאנען בלויז עטליכע: „סי. אי. א.”, „אווערלעפינג”, „אוט או טאון”, „גרופען און קלובס”, „אמעריקען לייבאר פארטי” און איבעריג צו דערמאנען דעם אויספירליכען באריכט פון דעם פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל וועגען דעם ארגאניזאציאנעלען און פינאנציעלען צושטאנד פון דער יוניאן.

דער פרעזידענט האט לײדער ניט געקאנט באריכטען וועגען גוטע סעזאנען אין די אינדוסטריעס וואס די אינטערנעשאנעל קאנטראלירט, אבער דערפאר זיינען געווען באזונדערס דערפרייענד די ציפער, וואס ער האט געגעבען וועגען דעם ארגאניזאציאנעלען און פינאנציעלען צושטאנד פון דער אינטערנעשאנעל.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די צייט איז לעצטענס געווען אזא שלעכטע פאר דער פרויען־באקליידונגס אינדוסטריע, וואס די אינטערנעשאנעל קאנטראלירט, איז דאך די מיטגלידערשאפט פון דער יוניאן ניט פארקלענערט געווארען און אירע פינאנסען געפינען זיך אין א גלענצענדען צושטאנד. דערביי דארף באמערקט ווערען, אז אין דעם לעצטען יאר איז עס דער אינטערנעשאנאל אויסגעקומען צו פירען אין איניגע ערטער גאנץ קאסטבארע סטרייקס.

די אינטערנעשאנעל האט אין דער לעצטער צייט באנייט א גאנצע רייה אגרימענטס אין פארשידענע שטעט און אין פארשידענע צווייגען פון דער אינדוסטריע און אין מערערע ערטער מיט באדייטענדע פארבעסערונגען פאר די ארבייטער.

דאס אלץ באווייזט ווי פעסט און ווי איינפלוסרייך די אינטערנעשאנאל איז.

---

די וואס האבען דערווארט צו הערען פון דעם מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיוו עפעס סענסאציאנעלעס וועגען דער ווייטערדיגער באציאונג פון דער אינטערנעשאנעל צו דער סי. אי. א., זיינען זיכער אנטוישט געווארען. עס איז אין דעם באשלוס, וואס די גענעראל עקזעקוטיווע האט אנגענומען, ניטא קיין שום סענסאציע, ווייל פארלויפיג בלייבט אלץ ווי געווען, אבער דערפאר איז דער באשלוס דורך און דורך א קאנסטרוקטיווער, ווייל ער מאכט מעגליך צו פארשטארקען די ווירקונג פון די באמיהונגען צו שאפען אייניגקייט אין די רייהען פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג.

דער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל האט אויף זיך גענומען די גרויסע אויפגאבע צו שאפען שלום צווישען דער סי. אי. א. און דער אמעריקען פעדערישאן או לייבאר און ער וויל זיך פון איר ניט אפזאגען ווי גרויס עס זאלען ניט זיין די שוועריגקייטען וואס ער באגעגענט אין זיין וועג. ער האפט, און צוזאמען מיט אים די גאנצע אינטערנעשאנעל, אז ענדליך וועט זיך אים איינגעבען צו דערפירען זיין גרויסע מיסיע צו דעם געווינשטען ערפאלג. און דאס איז אויך דער צוועק פון דער רעזאלוציע, וואס די גענעראל עקזעקוטיווע האט אנגענומען.

די רעזאלוציע דריקט אויס אנערקענונג צו פרעזידענט דובינסקי פאר זיין מוטיגער און אויסגעהאלטענער שטעלונג אין דעם שטרייט צווישען דער סי. אי. א. און א. פ. או ל. און הייסט גוט אהן וועלכע עס איז רעזערוואציעס זיינע האנדלונגען. זי דריקט דערביי אויך אויס איהר טיפסטען באדויערען, וואס עס איז נאך ביז איצט ניט געלונגען צו שאפען די געווינשטע אייניגקייט אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג און זי זאגט:

די טראדיציעס, די פרינציפען און די טאקטיק פון דער אינטערנעשאנעל זיינען אלע מאל געווען געגען שפאלטונגען אין דער ארבייטער באוועגונג און געגען דואל יוניאנס. און איצט מער ווי ווען עס איז פריהער זיינען מיר איבערצייגט, אז ארבייטער אייניגקייט איז א לעבענס־נויטווענדיגקייט ניט בלויז פאר דער טרעיד יוניאן באוועגונג, נאר איז אויך אין די אינטערעסען פאר דעם וואוילזיין פון גאנצען לאנד.

די ערפאהרונגען פון דעם פארגאנגענעם יאהר, סיי אויף דעם פאליטישען און סיי אויף דעם עקאנאמישען געביט, די אומצעהליגע פארזוכען פון די באלעבאטים צו שניידען דעם ארבייטס־לוין פארלענגערען די ארבייטס־שטונדען און בכלל צו פארערגערען די ארבייטס־באדינגונגען אין די שעפער, ווי אויך די פאראייניגונג פון אלע רעאקציאנערע עלעמענטען צו באקעמפען פראגרעסיווע געזעצגעבונג — דאס אלץ דארף דינען אלס דער שטארקסטער באווייז, אז ארבייטער־איינייגקייט און סאלידאריטעט איז אומגעהויער וויכטיג און שטייגט ווייט אריבער אלע אנדערע פראגען, וואס שטעהען איצט פאר די אמעריקאנער ארבייטער.

די גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאנעל לײדיס גארמענט ווארקערס יוניאן איז דעריבער טיף איבערצייגט, אז עס איז איהר הייליגע פליכט, ניט קוקענדיג אויף אלע שטרויכלונגען, שטערונגען און אנטוישונגען, פארטצוזעצען איהרע באמיהונגען צו געפינען א מעגליכקייט, וואס וועט פיהרען צו א פאראייניגטער ארבייטער באוועגונג.

פאר דעם צוועק באשטימט די דזשענעראל באארד א קאמיטע פון דריי, באשטעהענד פון לואידזשי אנטאניני, איזידאר נאגלער און דזשוליוס האכמאן צו טאן אלעס מעגליכעס אין דער ריכטונג, אז די שלום קאנפערענצען צווישען דער סי. אי. א. און דער א. פ. או ל. זאלען צוריק אנגעפאנגען ווערען.

און עס איז געווען לאגיש און א גוטע טאקטיק פון דער גענעראל עקזעקוטיווע אפצולייגען איר באשלוס וועגען באטייליגען זיך אין א קאנווענשאן אויף וועלכער די סי אי. א. וועט זיך פארמירען אין א פערמאנענטער ארגאניזאציע אלס אן אפאזיציע צו דער אמעריקען פעדערישאן או לייבאר. פארלויפיג האט נאך די סי. אי. א. ניט ארויסגעלאזען קיין רוף צו אזא קאנווענשאן און ווען מען רעדט וועגען פרידען דארף מען ניט נעמען קיין שריט פאר מלחמה. עס איז בעסער צו גלויבען, אז די סי. אי. א. וועט אזא קאנווענשאן ניט האלטען. און אויב יא, וועט דאך די גענעראל עקזעקוטיווע האבען צייט די פראגע צו פארהאנדלען, ווען דער רוף צו א קאנווענשאן וועט ארויסגעגעבען ווערען. די ראלע פון דער אינטערנעשאנעל און אירע באמיהונגען פאר פרידען וועט זיין שטארקער ווען זי בלייבט אין איר אלטער פאזיציע, און לאמיר האפען, אז זי וועט די גרויסע מיסיע, וואס זי האט אויף זיך גענומען, דערפירען צו איר ענדליכען ערפאלג.

---

די פראגע פון „אווערלעפינג” האט פארנומען א גאנץ באדייטענדען טייל פון דער צייט פון די זיצונגען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע. עס האט זיך דעמאלט הויפטזעכליך געהאנדעלט וועגען קלאוקס, וואס ווערען געמאכט אין דרעס שעפער, אבער אויב פון דער לאנגער און טיילווייז גאנץ היציגער דיסקוסיע צווישען די פארטרעטער פון דער קלאוקמאכער יוניאן און די פארטרעטער פון דער דרעסמאכער יוניאן איז די שטרייט־פראגע פיל קלענער געווארען, איז זי אבער דאך ניט אין גאנצען געלעזט געווארען. עס וועט אפשר קלינגען קאמיש ווען עס וועט געזאגט ווערען, אז א באזונדערע שוועריגקייט צו לעזען די פראגע האט זיך ארויסגעוויזען אין דעם, אז מען ווייס ניט קלאר וואס עס איז היינט קלאוקס. די פרויען קליידער האבען זיך נעמליך אזוי געענדערט, אז עס איז געווארען א גאנצע צומישעניש וואס עס באלאנגט צו דרעסעס און וואס צו קלאוקס. מען דארף זיך איינפאך ווענדען צו אן עקספערט, אז ער זאל באשטימען וואס איז קלאוקס.

ניט פיל מזל'דיגער איז געווען די „אוט או טאון” פראגע. אויך זי האט ניט געקענט קריגען קיין פולען ענטפער. דאס מאל האט עס זיך געהאנדעלט ניט וועגען אוט או טאון קלאוקס, נאר וועגען דרעסעס. נאר די פראגע איז דיזעלבע: עס איז די פראגע פון קאנקורענץ פון ארבייטס פרייזען און ארבייטס־באדינגונגען. עס איז געווען א לאנגע און א באלערענדע דיסקוסיע, אבער טאקע פון איר האט מען געקענט זעהן, אז עס האנדעלט זיך ניט בלויז אויף וועמענס זייט עס איז די גערעכטיגקייט, נאר ווי אזוי מאכט מען, אז די גערעכטיגקייט זאל קענען דורכגעפירט ווערען אין לעבען, ווען

# דרעסמאכער, קלאוק אפערייטארס און ניט־גודס מאכער ארגאנזירען געמיינשאפטליכע מאי־פייערונג

## לאקאלס 22, 117 און 155 וועלען פייערען ערשטען מאי מיט קאנצערט און אפערא. — פייערונג וועט פארקומען שבת אווענט אין היפאדראם. — פרעזידענט דובינסקי און דער שפאנישער אמבאסאדאר צווישען די רעדנער.

דער אינטערנאציאנאלער ארבייטער יום טוב, דער ערשטער מאי, וועט היי־יאר געפייערט ווערען פון די מיטגלידער פון דריי לאקאלס פון דער אינטערנעשאנאל בשותפות דורך אן אויסערגעוויינליך רייכען קאנצערט און אפערא פארשטעלונג. די דריי לאקאלס זיינען די דרעסמאכער יוניאן לאקאל 22; די קלאוק אפערייטארס יוניאן לאקאל 117 און די ניט־גודס מאכער יוניאן לאקאל 155. די פייערונג וועט פארקומען שבת אווענט, דעם 30טען אפריל, אין היפאדראם, זעקסטע עוועניו און 43טע סטריט.

די הויפט רעדנער ביי דער פייערונג וועלען זיין פרעזידענט דובינסקי פון דער אינטערנעשאנאל און דער אמבאסאדאר פון דער שפאנישער רעפובליק אין אמעריקא, פערנאנדא דע לאס ריאס.

דער מוזיקאלישער פראגראם וועט באשטיין פון צוויי טיילען. דער ערשטער טייל וועט באשטיין פון פינף נומערען אין וועלכע עס וועלען זיך באטייליגען בארימטע אפערא און קאנצערט סטארס אין באגלייטונג פון דעם פולען היפאדראם אפערא ארקעסטער אונטער דער לייטונג פון דזשיוזעפי באמאשעק. דער צווייטער טייל פון דער פראגראם וועט באשטיין פון דער פאפולערער אפערא „פאגליאטשי".

רעזערווירטע טיקעטס קען מען שוין קריגען אין יעדען פון די דריי אפיסעס פון די לאקאלס. וועיטערע איינצעלהייטען וועגען דער פראגראם וועלען אין גיכען אנאנסירט ווערען.

### לײדיס טיילארס לאקאל 38 פייערט 1טען מאי מיט באנקעט און קאנצערט

די ליידיס טיילארס און קאסטאם דרעסמאכערס יוניאן לאקאל 38 וועט פייערען דעם 1טען מאי מיט א באנקעט, קאנצערט און דענס שבת אווענט, דעם 30טען אפריל, אין סענטראל פלאזא, צווייטע עוועניו און זיבעטע סטריט. ווי י. דזשייקאב, מענעדזשער פון לאקאל, מעלדעט, האט די יוניאן ארויסגעשיקט א רוף צו די מיטגלידער צו באזארגען זיך מיט טיקעטס וועלכע זיי קענען קריגען פון זייערע שאפ טשערלייט און טשערלידיס. דער לאקאל האט אויך איינגעלאדען פארטרעטער פון שוועסטער־לאקאלען און עהרען־געסט.

---

# כללים וועגען ארבייטסלאזען פארזיכערונגס בענעפיט

דער ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל בעט אונז צו פארעפענטליכען פאלגענדע אינפארמאציע פאר די מיטגלידער וועגען דעם ארבייטסלאזען בענעפיט צו וועלכע זיי זיינען בארעכטיקט אונטער דעם ניו יארק סטעיט געזעץ:

1) פאר אלע פראגען און שוועריגקייטען אין שיכות מיט אייער ארבייטסלאזען בענעפיט, ווי אויסצופילען אפליקיישאנס, ווען איר קריגט ניט קיין ענטפער אין צייט, ווען איר דענקט אז איר האט געקראגען ווייניגער בענעפיט ווי די צו וועלכע איר זייט בארעכטיגט, און ענליכע שוועריגקייטען, גייט אריין אין אפיס פון אייער לאקאל יוניאן. דארט וועט מען פאר אייך טאן אלץ וואס מעגליך צו באשיצען אייער רעכט.

דער געזעץ וועגען ארבייטסלאזען בענעפיט אין ניו יארק סטעיט איז געענדערט געווארען אין פאלגענדע פונקטען:

1) אויב איר האט ארויסגעצויגען דעם גאנצען בענעפיט, צו וועלכען איר זייט געווען בארעכטיגט פאר דעם ערשטען אפריל, מאכט גלייך א נייעם אפליקיישאן פאר ארבייטסלאזען בענעפיט. איר זייט איצט בארעכטיגט צו נאך בענעפיט אויב איר זייט ארבייטסלאז.

2) אויב אן ארבייטער האט געקראגען בלויז 5 וואכען בענעפיט אדער ווייניגער, פאר דעם ערשטען אפריל, וועט די געלד ניט גערעכענט ווערען ביים אויסרעכענען די סומע צו וועלכער ער איז בארעכטיגט פאר דעם יאר 1938. אויב ער האט געקראגען מער ווי 5 וואכען בענעפיט, וועט די סומע וואס ער האט געקראגען מער, ארונטערגערעכענט ווערן פון היי־יאריגע בענעפיט, צו וועלכע ער איז בארעכטיגט.

3) ביז דעם ערשטען אפריל, 1939, וועלען די בענעפיטס פאר ארבייטסלאזע בארעכענט ווערען אויפן באזיס פון זייערע פארדינסטען אין 1937. אויב אבער אייערע פארדינסטען דורך דעם יאר זיינען געווען נידעריגער ווי די סומע וואס מאכט אייך בארעכטיגט צו בענעפיט און איר האט געארבייט דורך די ערשטע מאנאטען פון 1938, וועט איר זיין בארעכטיגט צו בענעפיט נאך דעם ערשטען יולי פון היינטיגען יאר.

4) לויט דעם געזעץ דארף קיין ארבייטער ניט ווארטען מער ווי פינף וואכען, אין וועלכען עס איז יאר איידער ער קריגט בענעפיט. דער יאר וועט גערעכענט ווערען פון דעם ערשטען אפריל 1938 ביז דעם 31 מארטש, 1939. איבער דער אורזאך וועלען פילע ארבייטער, וואס האבען שוין געווארט פינף וואכען אין די ערשטע דריי מאנאטען פון היינטיגס יאר, דארפען אויך דאס ניי ווארטען פינף וואכען אין דעם נייעם יאר, אויב זיי ווערען איצט ארבייטסלאז. די אבער וואס האבען אנגעהויבען ווארטען פון דעם עלפטען מארטש אדער שפעטער, וועט זיי די צייט ארויפגערעכענט ווערען אויף דער צייט פאר דעם נייעם יאר.

אן ארבייטער פרעגט:

איך האב געקראגען 8 טשעק, צו וועלכען איך בין ניט בארעכטיגט. וואס זאל איך טאן?

אויב איר קעשט א טשעק וואס מען האט אייך געשיקט דורך א טעות, וועט איר האבען שוועריגקייטען צו קריגען בענעפיט שפעטער־צו, ווען איר וועט זיין בארעכטיגט. אויב דער טשעק איז אייך געשיקט געווארען צוליב דעם וואס איר האט ניט געגעבען ריכטיגע אינפארמאציע, קען דער סטייט אייך פארפאלגען אונטער דעם געזעץ.

ווען איר ארבייט דורך דער צייט פון אייער ווארטען, און פארדינט ניט מער ווי צוויי דאלאר, דארפט איר קיין נייעם אפליקיישאן ניט מאכען. אויב אבער איר האט פארדינט מער ווי צוויי דאלער, מוזט איר אויסמאכען א נייעם אפליקיישאן אזוי שנעל ווי איר הערט אויף ארבייטען.

ברייננט דעם טשעק גלייך צום ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל, 3 וועסט 16טע סטריט.

### רעגירונג נעמט צו שאפ פאר ניט צאלען סאשעל סעקיוריטי טעקס

די רעגירונג האט זיך באמת גענומען צו די „טשיזלער באסעס", וועלכע צאלען ניט דעם סאשעל סעקיוריטי טעקס, וואס זיי דארפען צאלען פאר זייערע ארבייטער. די רעגירונג האט פארנומען די פעקטארי פון די „אימפארט ניטוועאר מילס", 105 בליקער סטריט פאר די סאשעל סעקיוריטי געלט וואס זי האט ניט איינגעצאלט און וועט דעם שאפ פארקויפען אין אוקשען אפצונעמען די געלט וואס די פירמע איז שולדיג צו דעם פאנד.

דער קאלעקטאר פון אינטערנאל רעוועניו, דזשיימס דזש. האגאי, האט געלאזט וויסען אז ער וועט אזוי האנדלען אין יעדען פאל וואו באסעס פארפעלען צו צאלען דעם טעקס.

איינער פון די שותפים פון דער זעלבער פירמע איז מיט דער הילף פון דער אינטערנעשאנעל, באשטראפט געווארען מיט 50 דאלער פאר ניט צאלען דעם סטעיט אנעמפלאימענט אינשורענס טעקס. די יוניאן פאדערט אויף אלע מיטגלידער צו לאזען וויסען אין אפיס פון זייער לאקאל יעדעס מאל וואס זיי ווייסען אז זייער באס צאלט ניט די סאשעל סעקיוריטי אדער דעם ארבייטסלאזען אינשורענס טעקס.

---

### אונזער טיפסטען מיטגעפיל צו גענ. צביון אויף דעם פארלוסט פון זיין לעבענס־חבר

נאך א לאנגער שווערער קראנקהייט, איז מיטוואך פריי געשטארבען אין מאונט סיני האספיטאל מרס. ראוז האפמאן, די פרוי און לעבענס באגלייטערין פון אונזער רעדאקטאר פון דער „גערעכטיגקייט", דר. ב. האפמאן (צביון).

די פארשטארבענע איז געווען א הויך־אינטעליגענטע, געבילדעטע פרוי פון דעם פיינסטען טיפ פון דער רוסיש־אידישער אינטעליגענץ.

די אנגעשטעלטע און מיטארבייטער פון דער „גערעכטיגקייט" דריקען אויס דעם טיפסטען מיטגעפיל צו גענאסע צביון און זיין טאכטער, אין דעם אומגליק וואס האט זיי געטראפען.

---

# באריכט פון „שיקאגאר היי־מארקעט מארטירער קאמיטעט"

די ארבייט פון דעם שיקאגאר היי־מארקעט מארטירער קאמיטעט איז פארענדיגט. כאטש די וויכטיגסטע טייל פון דער ארבייט, די מעמאריעל פארזאמלונג דעם 11טען נאוועמבער, איז שוין לאנג פאראיבער, האבען מיר מיט דעם פינאנץ באריכט געמוזט אפווארטען ביז אלע געלדער וועלען אריינקומען און מיר זיינען איצט פארטיג צו באריכטען ווי פאלגט:

| | |
|---|---|
| אריינגעקומען פון הלוואות, ביישטייערונגען און פאר בילעטען | $1025.79 |
| אויסגאבען: | |
| רענט, פארשידענע מיטינגען | 22.00 |
| רענט, מעקא טעמפעל | 400.00 |
| אנדערע אויסגאבען מעקא טעמפעל (ווי רענט פאר פיאנא, סטיידזש־הענט, אמפליפייערס, דעקאראציעס א. ז. וו.) | 94.25 |
| פרינטינג | 183.50 |
| פאסטיידזש | 34.85 |
| אנאנסען | 70.71 |
| טעלעפאן, סטיישאנערי, קארפער און אנדערע קליינע גאבען | 22.20 |
| בוק קיפינג | 8.00 |
| אויסגעצאלט הלוואות | 15.00 |
| טאטאל | $ 850.51 |
| באלאנס | $175.38 |

דער באלאנס וועט די טעג אפגעשיקט ווערען צו דער קאמיטע אין שיקאגא, וועלכע פאסט אויף אויף דעם מאנומענט פון די שיקאגאר מארטירער אין וואלדהיים סעמעטערי, שיקאגא.

דער פינאנץ באריכט איז איבערגעקוקט געווארען פון אן אודיטינג קאמיטע, באשטימט ביי אן אלגעמיינעם מיטינג פון דעם שיקאגאר היי־מארקעט מארטירער קאמיטעט.

מיר בעטען די סעקרעטארען וואס באמערקען דעם באריכט, אז זיי זאלען אזוי גוט זיין פארלייענען ביי זייערע מיטינגען, אויב זייער ארגאניזאציע האט עפעס געהאט צו טאן מיט דער ארבייט פון דעם קאמיטעט פאר די שיקאגאר היי־מארקעט מארטירער.

ניו יארק, שיקאגא היימארקעט מארטירער קאמיטעט.

אודיטינג קאמיטע:
לייבוש פרומקין, י. א. אסטראף.
מ. שוטץ, סעקרעטאר.

---

### ענטפערס פון דער רעדאקציע.

טש. שקאלניק. — אייער בריוו איז אן ערשטע קלאגע אויף א שאפ־טשערמאן. אזוינע קלאגעס דארפט איר ברענגען אין דער יוניאן. מיר קענען עס ניט פארעפענטליכען אן אונטערזוכונג.

וועט ניט געדרוקט ווערען: „קום אויפ'ן סקווער", פון מ. ב—בוים; „די וועלט און איך", פון ת. ק—מעלד, און „א שאפ בילד", פון מ. ט—רוב.